# די שעהנע
# וואונדערליכע
# געשיכטע

פון

הרב הצדיק ר׳ ישראל מרדכי דער רב פון דער שטאדט גאלאמב

און די רביצין דבורה׳לע מיט זייער מחותן ר׳ לייבעל פאריך וואסער-טרעגער מיט די מחותנת׳טע טריינא די הויקערין, די וועשין. און דער חתן דער בחור המופלג זקן אלטער׳ל מיט דער כלה חי׳ דבורה די וועשין.

פון דער טייערער געשיכטע קאן זיך יעדער ארויסנעמען א מוסר-השכל צו זעהן וואס עס קומט ארויס ווען מען טהוט א שידוך מיט זיין קינד און איז נור אויסען דאס קינד מיט פיעל געלד צו פערזארגען און מיט רייכטהום און צוליעב דעם ווארפט מען אוועק דעם יחוס, בלייבט נישט קיין יחוס, נישט קיין געלד.

---

פערפאסט פון דעם בעריהמטען בדחן ר׳ יחיאל ציגעל פון לאדז.

**פרייז 20 קאפ.**

# פיעטרקוב


בדפוס הנגיד מו״ה שלמה בעלכאטאווסקי נ״י. תרע״א

**ЧУДЕСНАЯ РАЗСКАЗЪ**

Въ типографіи Ш. Белхатовскаго въ Петроковѣ. 1911 г.

אין איין קליין שטעדטעל גאלאמב, וועלכעס עס האט פארמאגט ביז פינף
און זעכציג פאמיליען האבען בעקומען איין רב איין בעוואוסטען למדן און
איין צדיק ר׳ ישראל מרדכי. דער רב איז געזעסען על התורה ועל
העבודה און האט געפסקענט שאלות. געוועהנטליך פארשטייט זיך איז דער
רב נישט געוועזען קיין קליינער ארעמאן, דען זיין געהאלט איז געוועזען
הונדערט מיט דרייסיג קארבונעס איין יאהר און נעבען ביי פערשטייט מען
וויפיל ער קאן האבען געהאט, דען ביי פינף און זעכטציג פאמיליען קען אוים
קומען אלע 10 יאהר איין חתונה וואס ער זאל קענען קריגען 1 רובל רח״ש.
זיינע כיבודים פון יו״ט און פורים פערשטעהט מען אויך חוץ פון שטר
מכירה אויף פסח האט ער יא געהאט ביז דריי גילדען מיט 12 גראשען
נאר האלץ צו בעהייצען דאס איז געגאנגען פון קהל׳ס ראשטשאט, נאר דער
רב איז געוועזען א קנאפער בעל הוצאה דען קיין קינדער האט ער נישט
געהאט האט די פענסיע פאר איהם אוים=געהאלטען. אויך קיין מלבוש פאר
זיך אדער פאר דעם וויב האט ער קיין מאהל נישט געמאכט און קיין
דירה=געלד האט ער אויך נישט געברויכט צו צאהלען דען אין איטליכען
קליינעם שטעדטעל האט דער רב א דירה נעבען בית=המדרש בחנם:
כללו של דבר עס האט איהם גאר נישט געפעהלט, נאר ער מיט זיין
וויב דבורה די רעביצין האבען זיך פרייליך געלעבט, נאר נאקעט און
בארווים וואס זיי זענען געגאנגען דאס האט זיי ווייניג געקימערט:
נאר ווען זיי האבען זיך דערמאנט דאס זיי האבען קיין קינדער ל״ע
נישט זענען זיי געוועזען טרויעריג און דבורה די רעביצין האט שטענדיג
געדולט דעם רב ר׳ ישראל מרדכי דעם קאפ און געוויינט וואס וועט
זיין דער סוף פון מענש ווען ער שטארבט און האט קיין קינדער נישט
בלייבט נאך איהם קיין זכר אויך נישט דו ביסט אזוי א צדיק קענסט נישט
פועלען ביי דעם רבונו של עולם דאס ער זאל אונז געבען א בן=זכר, אזוי
לאנג האט זי איהם געפייניגט ביז ער האט זיך פעסט גענומען צו בעטען
דעם אויבערשטען אויף א בן=זכר ביז דער אויבערשטער האט איהם צו געהערט
און דבורה די רעביצין האט ב״ה געבוירען א בן=זכר. די שמחה וששון
וואס עס איז געוועזען ביי דעם רב מיט די רעביצין קען איטליכער פארשטיין
א חוץ וואס דאס גאנצע שטעדטעל איז אויך געוועזען מלא שמחה דען עס איז
געבוירען געווארען א בן=זכר אין שטעדטעל און בפרט ביי זייערען רב דעם
צדיק און אויך וואס ער איז שוין אלט געוועזען קרוב חמשים און די רעביצין
אייך

אויך כמעט אַזוי אַלט, דאָס גאַנצע שטעדטעל איז געוועזען אַזוי פרייליך און אַלע האָבען זיך אָן געטוהן בגדי שבת, שבת קליידער און זיך צו געגרייט צו דעם זכר און האָבען מכין געוועזען אַ ברית־מילה אַזעלכעס וואָס אַזוי לאַנג ווי די שטאָדט גאָלאָמב האט עקסטירט איז נאָך (אַזוי אַפרייד נישט געוועזען, און ווער עס האָט די פרייד נישט געזעהן האָט נאָך קיין מאָל קיין פרייד נישט געזעהן. נאָך דעם בריה זענען צוזאַמען געקומען דאָס גאַנצע שטעדטעל און האָבען דעם רב הצדיק ר׳ ישראל מרדכי געבעסערט אויף די פענסיע פינף גילדען די וואָך. יעצט פערשטעהט איהר לעזער ווי די שמחה און פרייד איז געוועזען ביי דעם רב און ביי די רעביצין דאָפעלטע פרייד. איין מאָהל וואָס זיי האָבען איין זוהן און דאָס צווייטע וואָס מען האָט זיי געהעכערט דעם געהאַלט וועלען זיי דאָך שוין זיך קענען אָן קליידען און אויך דאָס קינד ערנערען, דען פינף גילדען איין וואָך גייט דאָך נישט פיעבאָטע. דער רב האָט זיך באַלד געלאָזט אַריין מאַכען איין פאָהר נייע אַרבעל אין זיינע אַטליסאָפּקע, און די רעביצין האָט זיך שוין געקויפט איין נייען רויטען־באַנד אין די קופקע מען האָט שוין אָן געהויבען צו לעבען מיט חשק, און דעם יונגעלע זקן אַלטער׳ל געמאַכט אַ יאַקעלע, עס האָט אַזוי גאָר נישט געלאַנגט די פענסיע נאָר מען האָט זיך אויף די קאָנטע געבאָרגט, דען ווען מען האָט נאָר איין אָרט אָב צו געבען קריגט מען שוין געבאָרגט דער אויבערשטער האָט געהאָלפען דאָס יונגעלע זקן אַלטער׳ל האָט זיך שיין און גוט געהאָרעוועט און מען האָט עס אַנטוויינט און געמאַכט איין סעודה בשעת אַנטוויינען אַזוי ווי אברהם אבינו האָט געמאַכט ביי זיין זוהן יצחק אַ סעודה בשעת שרה האָט אַנטוויינט איהם:

דער רב האָט אָן געזאָגט בשעת דעם זייגען די מוטער דאָס זי זאָל חלילה איהם נישט לאָזען זייגען פון קיין אַנדערע אשה, און עס זאָל חלילה נישט זעהן קיין שום אומרייניע זאַכען, די ווייבער פון שטעדטעל ויעלכע זיי האָבען געזויגען זייערע קינדער האָבען זיך געבעטען ביי די רעביצין און האָבען איהר געוואָלט געבען מתנות דאָס זי זאָל זיי לאָזען חאָטש איין מאָל זייגען דעם צדיק׳ל זקן אַלטער׳ל, דאָס זיי זאָלען די זכייה האָבען זיך צו בריימען דאָס דער צדיק׳ל זקן אַלטער׳ל האָט ביי זיי געזויגען אָבער דאָס האָבען זיי ביי די צדיקת׳דיגע רעביצין נישט געפועל׳ט דען דער רב הצדיק ר׳ ישראל מרדכי האָט שטרענג דאָס פאַ־זאָגט חלילה וחס עס דאַרף קיין אַנדערע אשה נישט זויגען דאָס קינד. בקיצור דאָס קינד האָט מען געהיטען מען האָט קיינם נישט געלאָזט אַמאָל קוקען דערויף, דער אויבערשטער האָט געהאָלפען דאָס קינד איז דריי יאָהר אַלט געוואָרען מען האָט גענומען אַ מלמד אין הויז אַריין צו לערנען מיט דעם קינד אלף בית דאָס קינד האָט זעהר גוט מקבל געוועזען, דען אַזוי ווי מען האָט איהם איין מאָל געוויזען דאָס גאַנצע אלף בית מיט נקודות אַזוי האָט ער שוין געוויסט. דער מלמד דער רבי האָט אין אַכט טאָג איהם אויסגעלערנט גוט דאַוונען, אויף די

צווייטע

צוויַיטע וואָך האָט ער שוין מיט איהם געלערנט חומש ביז פיער וואָכען האָט ער שוין געקענט בעל פה אויסענווייניג גאַנץ ספר ויקרא. עס איז געוואָרען אין גאַנצען שטעדטעל גאָלאָמב אַ רעש עס איז דאָ ביַי דעם רב זיַין זוהן זקן אַלטער׳ל איז איין מלאך עס איז גאָר קיין מענש ניִשט, נאָר אַזאַ יונגעל האָט מען נאָך קיין מאָל אַזוי אַקינד ניִשט געזעהן זאָל אַזוי אַקאָפּ מיט אַ שכל פערשטאַנד האָבען, מען האָט נאָך די פיער וואָכען געזוכט אַ גמרא־מלמד דאָס ער זאָל מיט דעם יונגעל לערנען און אַזוי ווי דער מלמד פלעגט נאָר אַ מאָהל זאָגען אַבלעטעל גמרא מיט תוספות אַזוי האָט דאָס זקן אַלטער׳ל שוין נאָך געזאָגט און גוט פערשטאַנען און האָט שוין ביַי דעם רבי געפרעגט גרויסע קשיות. קורץ עס איז אַרום געגאַנגען אין דעם גאַנצען קאַנט דער בערוף פון דעם זקן אַלטער׳ל דאָס אַזוי אַקינד איז נאָך ניִשט געוועזען אויף דער וועלט מיט אַזוי איין פערשטאַנד, און זיך אַזוי שנעל צו לערנען ווען ער איז אַלט געוואָרען זעקס יאָהר האָט דער רב שוין געמוזט נעמען אַ מלמד און איהם צאָהלען אַכט גילדען אַוואָך, דאַן האָט שוין דער רב געמוזט צו־לייגען אויסער די הוספה וואָס די שטאָדט האָט איהם געבעסערט פינף גילדען אַוואָך האָט ער שוין נאָך פון זיַין פענסיע געמוזט צו געבען נאָך דריַי גילדען אַוואָך, האָט שוין דער רב אָן געהויבען צו האָבען דחקות נויט ל״ע דען עס האָט איהם שוין ניִשט געלאַנגט אויף עסען וואָרום דאָס זקן אלטער׳ל האָט שוין אויך געברויכט עסען און אַ מלבוש׳ל, קליידעל מיט אַפּאָר שיכלעך אויך, נאָר דער רב הצדיק ר׳ ישראל מרדכי מיט דבורה די רעביצין האָבען אַלעס פאַר ליעב גענומען אַבי דער אויבערשטער האָט זיי מזכה געוועזען מיט אַזוי אַקינד:

אין דער שטאָדט גאָלאָמב איזט קיין וואַסער־ברונען אָדער פלומפען ניִשט געוועזען נאָר הינטער דער שטאָדט איז געוועזען איין וואַסער וואָס יעדערער מענש האָט זיך געמוזט בעזאָרגען וואַסער פון דעם סטאַוו, איז דאָרט ביַי דעם שמש געוועזען איין יונג וואָס פאַר שטייט זיך דאָס ער האָט קיין דאַזאָר ניִשט געטאָרט זיַין וויַיל ער האָט געהאַט עפּעס אַנדערש אויף דעם קאָפּ נאָר צו דעם וואָס דער שמש האָט איהם געבראַכט צום שול קלאַפּען אָבער צום גראָבען פאַר איין טויטען האָט עס ניִשט געשאַדעט דער יונג האָט זיך גערופען לייבעל פאַרעך. דער לייבעל איז געוועזען ביַי דעם שמש ביז ער איז אַלט געוואָרען 25 יאָהר. מיט איין מאָהל האָט זיך געמאַכט דער אויבערשטער זאָל אָב היטען איין שלאָפקייט אין דעם שטעדטעל האָט דער רב הצדיק געזאָגט אַז עס איז איין סגולה מען זאָל אויף דעם בית עולם חתונה מאַכען איין פאָר פאָלק איז ביַי חנהלע די גבאי׳טע געוועזען איין משרת אויך פון עטליכע צוואַנציג יאָהר נאָר די איז געוועזען איין הויקער און איין ביסעל שטום איז געפאָלען דעם עולם דאָס לייבעל פאַרעך זאָל חתונה האָבען מיט חנה׳לעס משרת טריינאַ דער הויקער. מען האָט געמאכט איין אסיפה, פערזאַמלונג די שטאָדט לייט האָבען זיך צו זאַמען געלייגט און

האָט

דאָס פּאָר האָבען למזל אויף דעם בית עולם חתונה געהאַט, אין שטעדטעל איז גאָט זײַ דאַנק געוואָרען שטיל. יאָ ר׳ לײַבעל מיט טרײַנאַ האָבען למזל חתונה געהאַט פון וואַנען וועלען זײ האָבען צו עסען, פּרנסה, איז געבליבען בײַ דעם גאַנצען שטעדטעל אַז עס טאָר קײן אַנדערער נישט טראָגען קײן וואַסער אין די הײַזער ווי ר׳ לײַבעל, אויך וואַשען קײן וועש טאָר מען קײן אַנדערע נישט נעמען נאָר טרײַנא דעם הויקער וועלען זײ שוין געוויס האָבען זיך צו ערנעהרען. כן הוה עס איז אַזוי געוואָרען דאָס פּאָר פֿאָלק האָבען זיך שײן ערנערט, נאָר אין דעם שטעדטעל גאָלאָמב איז געוועזען אײן רײַכער מאַן עושר נאָר ער איז געוועזען אײן גרויסער קאַרגער ער האָט אַלײן געבּרענגט וואַסער אַלע טאָג פון טײַך און ער האָט ר׳ לײַבעלען נישט געגעבען צו פֿערדינען אײן גראָשען אויך דאָס ווײַב זײַנס האָט אַלײן געוואַשען וועש און נישט געגעבען טרײַנאַ דעם הויקער צו פֿערדינען אײן קאָפּיקע, דער ר׳ לײַבעל מיט זײַן ווײַב האָבען שטענדיג פֿערדראָס געהאַט אויף דעם עושר, רײַכערמאַן. דער אויבערשטער האָט געהאָלפֿען דאָס דער קאַרגער איז געשטאָרבען דאָס ווײַב זײַנס האָט שוין ברײַטער געלעבט דען קײן קינדער האָבען זײ נישט געהאַט און זי האָט שוין געזאָלט ברענגען וואַסער פון ר׳ לײַבעלען אויך האָט זי שוין געלאָזט וואַשען פון טרײַנאַ דעם הויקער דאָס פּאָהר זענען שוין גליקלעך געוועזען און בײַ דעם פּאָהר איז געבוירען געוואָרען למזל אײן טאָכטער מען האָט איהר אײן נאָמען געגעבען חי׳ דבורה די אײנציגע טאָכטער האָבען זײ ערצויגען. ווען זי איז שוין 8 יאָהר אַלט געוועזען האָט זי די מוטער שוין מיט גענומען צו איהרע מלאכה, אַרבײַט, און דאָס קינד איז געוועזען זעהר קלוג דען זי האָט דאָס פֿאַך גאַנץ שנעל אויס געלערנט זי איז שוין מיט די מוטער געשטאַנען בײַ דער באַליע וועש און מיט געוואַשען אַזוי ווי זי וואָלט שוין זעכּצען יאָהר אַלט געוועזען. דער ר׳ לײַבעל פּאַרעך מיט דעם ווײַב טרײַנא דער הויקער האָבען נאָר אַזוי געקוואָלען פון זײער אײנציגע טאָכטער חי׳ דבורה לעבען און שטענדיג געדאַנקט דעם אויבערשטען דאָס ער האָט זײ געהאָלפֿען צו אײן זעלבע געשיקטע טאָכטער. מיט אײן מאָהל האָט די קאַרגע גבירתה געשיקט נאָך דער טרײַנא מיט די טאָכטער זײ זאָלען קומען בײַ איהר וואַשען און ר׳ לײַבעל זאָל קומען ברענגען וואַסער די גאַנצע קאָמפּאַניע זענען געקומען צו דער אַרבײַט און האָבען געאַרבײַט. די גבירתה איז געגאַנגען אין געוועלב קויפֿען זײַף האָט די חכמת חי׳ דבורה בעמערקט ווי עס ליגט אונטערען קישען אַגרויסער בײַטעל מיט געלד האָט זי זיך גאָר נישט געפֿוילט און האָט איהם צו גענומען און האָט איהם דערלאַנגט דעם פֿאָטער ר׳ לײַבעלן. דער ר׳ לײַבעל איז באַלד געלאָפֿען אויפ׳ן בית הקברות און האָט איהם דאָרט מקבר געוועזען, בעגראָבען. עס ווערט נאַכט די קאַרגע גבירתה גײט צום קישען און זעהט ווי דאָס געלד איז נישט דאָ, זי פֿאַלט אין חלשות מען דערמינטערט זי, זי שרײַעט געוואַלד מײַן גאַנץ פֿערמעגען איז נישט דאָ. שכנים פֿרעגען זי וויפֿיעל געלד. זי קרעכּצט אויס

ביז

ביז פינף און צוואַנציג טויזענד רובל. שרייַ היינט שרייַ מאַרגען ואיננו עס איז נישט דאָ. מען לויפט געשווינד צו ר׳ לייבעלען אין שטוב מען זוכט די גאַנצע שטוב אוים מען בעזוכט ר׳ לייב׳לען מען בעזוכט דעם הויקער מען בעזוכט חי׳ דבורה, נישט דאָ, פאַרפאַלען. מען טאַשצעט זיי צום רב הצדיק. דער רב האָט חקירה ודרישה. ער פאַרשטעהט אַהין אַהער, ער זאָגט דעם ר׳ לייב׳לען מיט דעם ווייב דער הויקער מיט די טאָכטער חי׳ דבורה קומט א שבועה, פערשטייט זיך דאָס די אַלע דרייַ מענשען גייען צו דער שבועה ווי צום טאַנץ, דען פינף און צוואַנציג טויזענד רובל גייען נישט פיעכאָטע. דער רב זאָגט וואס ווילט איהר נאָך דאָס זיי זאָלען פאַלש שווערען גייט אייך אהיים געזונדערהייט דער אויבערשטער זאָל אייך ערפילען דעם שאָדען, דאָס געלד איז פערפאַלען:

דער ר׳ לייבעל פאַרעך גייט ווייטער צו זיין וואַסער־טראָגען און דאָס ווייב טריינא דער הויקער מיט די בת יחידה חי׳ דבורה גייען צו זייער וועש וואַשען. דער ר׳ לייבעל האָט די חפירה אַרוים גענומען פון בית הקברות און האָט זי בייַ זיך אין דערהיים געהאַלטען, דאָס האָט אַזוי אָבגעדויערט עטליכע שעהנע יאָהרען ביז דאָס בת יחידה׳לע איז אַלט געוואָרען פופצען יאָהר, שמועסט זיך ר׳ לייבעל מיט זיין ווייבעלע מיט די טאָכטער וואָס וועט זיין אונזער סוף מען האָט שוין אַסך געלד אויך מען מוז דאָך זעהן איין מיטעל אַרוים צו ווייזען דאָס געלד מען זאָל קענען טהון אַ אָרנטליכען שידוך מיט אונזערע בת יחידה איין איינציגע טאָכטער, איז בייַ זיי געבליבען אַ עצה דאָס זיי זאָלען פאָהרען אין אַגרויסע שטאָדט און קויפען אַפוילייש לאָאָז און דערנאָך וועלען זיי מאַכען איין אוים געשרייַ דאָס זיי האָבען געווינען אויף דער לאָטעריע ביז פינף און צוואַנציג טויזענד רובל וועלען זיי שוין קענען טוהן איין אָרענטליכען שידוך. כך הוה ר׳ לייבעל איז אַוועק אין איין גרויסע שטאָדט און האָט געבערענגט איין צעטעל, און ווי ער האָט געטראָגען וואַסער האָט ער אַלע געוויזען דאָס ער האָט איין צעטעל אויף די לאָטעריע דען ער ברויך פאַר זיין טאָכטער די איינציגע, דער אייבערשטער זאָל איהם העלפען זי קענען אָרענטלעך חתונה מאַכען:

עס האָט געדויערט ביז נאָך דעם ציהונג. ר׳ לייבעל איז אַוועק און דאָס ווייב האָט געמאַכט איין אויסגעשרייַ דאָס מען איז געקומען נאָך איהם צו פאָהרען דאָס ער האָט געווינען ביז עטליכע צוואַנציג טויזענד רובל, עס איז געוואָרען אין שטעדטעל איין שטורעם, רעש, ר׳ לייבעל פאַרעך וואַסער טרעגער האָט געווינען אַזוי פיעל געלד אויף די לאָטעריע:

מייַן גוטער ר׳ לייבעל איז אַהיים געקומען. דאָס גאַנצע שטעדטעל האָט איהם געבאָטען מזל טוב פון געווינעכטץ און ער האָט זיך ווייטער גענומען די אָשידלעם מיט די וויאַדרעם און איז ווייטער געגאַנגען צו זיין ארבייט צום וואַסער טראָגען און דאָס ווייב מיט די טאָכטער צו דער וועש. די שטאָדט מענשען פרעגען איהם וואָס טייטש איהר האָט אַזוי פיעל געלד גייט איהר

נאך

נאָך װאַסער טראָגען און אײַער װײַב װעש װאַשען ? ענטפֿערט ער דאָס געלד איז ניִשט מײַן דאָס איז מײַן קינד׳ס איך מוז װײַטער אַרבײַטען מײַנע אַרבײַט.

עס הײבען אָן צו קומען שדכנים װעגען שידוכים מיט גרעסערע קלאַסען מיט דעם שמש: זײַן בעל הבית װאָס ער איז געװעזען בײַ איהם און ער האָט געהאַט אײן זוהן אָבער ר׳ לײבעל װיל ניִשט הערען. מען רעדט מיט בעל הבתים דען מיט געלד װיל דאָך שוין אַשטיקעל אָרענטליכער אָבגעקומענער בעל הבית אויך טוהן אָבער ר׳ לײבעל װיל ניִשט הערען און רעדען, די שדכנים זענען שוין מיעד געװאָרען צו גײן צו ר׳ לײבלען זײ זאָגען חאַפּט איהם דער טײַװעל ער װײסט אַלײן ניִשט װאָס פֿאַר אַ שידוך ער זאָל טוהן ער פֿאַרגעסט ער הײסט לײבעל פֿאַרעך, װאַסער־טרעגער, שוהל־קלאַפּער טױטען גרעבער און דאָס װײַב הײסט טרײַנאַ דער הױקער די שטימע משרתת די װעשען און זײַן טאָכטער די אײנציגע הי׳ דבורה די װעשען די גערימטע מיר װעלען שוין ניִשט גײען צו איהם לאָז ער פֿערפֿױלט װערען מיט זײַן טאָכטער מיט זײַן געלד. עס דױערט אָב אַצײַט ר׳ לײבעלע גײט אין אַפֿרײַטאָג נאָך פּסח מיט װאַסער זעהט ער װי דער גראָבער משה שדכן גײט אין גאַס גריזעט זיך די באָרט שטעלט ער אַװעק די אָשידלעס מיט דעם װאַסער און רופּט ר׳ משה קומט נאָר װאָס זענט איהר אַזױ בעזאָרגט שטאַרק, זאָגט ר׳ משה װאָס פֿרעגט איהר עס איז שוין 1 נאָך מיטאָג און איך האָב נאָך ניִשט אַ פּרוטה אויף שבת זאָגט ר׳ לײבעל צו איהם הערט ר׳ משה איך קען אײַך געבען צו פֿערדינען אַפּאָהר הונדערט רובל שדכנות װען עס װערט אויסגעפֿיהרט, נאָר פֿאַר דעם בלױזען גאַנג װאָס איהר װעט גײן אָן שלאָגען דעם שידוך קריגט איהר פֿון מיר פֿאַר דעם װעג באַלד צעהן גילדען װעט איהר שוין האָבען אויף שבת, נאָר ר׳ משה איך מוז אײַך פֿריהער ערקלערען װאָס פֿאַר אַטײַערע סחורה מײַן אײנציגע טאָכטער איז. ממילא די מלאָכה אַרבײַט װי זי האָט זעהר געשװינד אוים געלערנט זײַן װעשען מוזען אַנדערע מעדלעך זײַן זעקס יאָהר אויף פּראַקטיקע זײ זאָלען אַזױ גוט קענען װי זי און אַזױ שעהן װאַשען, און זי האָט זיך באַלד און זעהר אַקורצע צײַט אוים געלערנט. װאָס די גאַנצע שטאָדט װײסט פֿון איהר געשיקטקײט און איהר קלוגשאַפֿט דאָס ברױך איך אײַך שוין ניִשט צוזאָגען דאָס האָט איהר שוין געװיִם געהערט, נאָר אויסער דעם איז זי אַטײַערע סוחר׳טע, דען זי קױפֿט פֿאַר אַקאָפּעקע זאַמד װעט זי דעם גױ אַזױ פֿערדרײען דעם קאָפּ ביז ער מוז איהר געבען אַפּיעל קײַבערעל מיט זאַמד װאָס אַ אַנדערער מוז דערפֿאַר געבען זעקס גראָשען אויך זי קען טױשען סחורה. זי גיעט דעם גױ אַביסעל קאַרטאָפֿעל־שאָלען און ער גיעט איהר זאַמד אָבער אַזױ אַשעהן זאַמד עס איז אַקװעלונג צו קוקען. אַ בעל־בית׳טע אַזױ װי זי איז זעלטענס צו געפֿונען זי בעט אויף שבת אָדער יו״ט די בעטען קוקען זײ אוים װי די שענסטע טשעשלאָנען. אויך װען זי קומט צו אַ בעל־בית׳טע און עס בלײַבט איבער עסען ברענגט זי דאָס אַהײם און װאַרעמט דאָס צו. חלעבען ר׳ משה דאָס איז מעדנים איהר עסט דאָס ניִשט

אין שמחת תורה, אײַער אײַדעם וועט האָבען קעסט אסור בײַ דעם גרעסטען גביר, דאָס אַלעס קענט איהר ר׳ משה גאַראַנטירען דאָס אַלעס איז אמת וואָהר. אַחוץ איך געב איהר דאָס גאַנצע געלד וואָס נאָר איך האָב, איך וועל מיך שוין מיט מײַן מלאכה מיט מײַן ווײַב דערנעהרען ביז אין מײַן ענדע אויך. קענט איהר דעם מחותן זאָגען דאָס איך וועל איהם אויך זײַן ווײַב בעקלײַדען מיט זעהר טײַערע מלבושים אַחוץ דעם חתן וועל איך בעקלײַדען זעהר טײַער אפילו בעטגעוואַנד און נאָך דערצו געלד אין קעשענע אַרײַן, דאָס מײַן איך דאָס איהר זאָלט מוחל זײַן גײַען צו דעם היגען רב זאָל לעבען און איהם אָנשלאָגען דאָס איך וויל זקן אַלטער׳ן פאַר אַ אײַדעם. איהר קענט איהם געבען גוט צו פערשטײַן ווי גליקליך ער וועט זײַן ווען ער וועט קריגען חי׳ דבורה פאַר אַ ווײַב איהם וועט שוין קײַן עסען ניט פעהלען אַזוי לאַנג ווי ער וועט לעבען. פון די עסענעס וואָס זי ברענגט אַהײַם קענען נאָך חלעבען זעקס פאַרשוינען געניג האָבען און גיעב אײַך שוין צעהן גילדען און געהט און זײַט מצליח, גליקט דעם וועג:

דער גראָבער משה שדכן בלײַבט שטײַן און קוקט איהם אָן, דער לײַבעל זאָגט ר׳ משה וואָס קלערט איהר. ר׳ משה זאָגט, אַה וואָס רעדט איהר ר׳ לײַבעל דער רב זאָל מיט זײַן זקן אַלטער׳ן טוהן מיט אײַך ווי קען איך איהם דאָס אָנשלאָגען ער וועט דאָך מיך מחרים זײַן און שעלטען און אויך נאָך שלאָגען ווי קען איך האָבען אַזוי אַ חוצפה דעם רב דעם צדיק אַזוי אַזאַך צו פראָפּעניִרען איך וויל בעסער קײַן שבת ניט מאַכען און אַזוי אַזאַך ניט איבער דעם מויל ברענגען. געהט ר׳ לײַבעל מאַכט אײַך ניט צונאַר. ר׳ לײַבעל געהט אַוועק און ר׳ משה דרײַט זיך אין גאַס ניט דאָ אויף שבת ער גײַט אַהײַם זאָגט צום ווײַב איך האָב ניט אויף שבת נאָר לײַבעל פאַרעך איז צו געקומען מיט אַזוי אַשפּעקולאַציע און וויל מיר שוין געבען פאַר דעם וועג צעהן גילדען. עס ווערט פיער אַזײַגער ר׳ משה האָט ניט אויף שבת אויך אַקאָפּעקע, זאָגט דאָס ווײַב צו איהם, הער משה איך מײַן דאָס דו זאָלסט נעמען צעהן גילדען פון לײַבעל פאַרעך און אַרײַן גײַן צום רב און זאָגען רבי קרוין איך האָב ניט געהאַט אויף שבת האָט מיר ר׳ לײַבעל געגעבען פאַר דעם וועג צעהן גילדען איך זאָל אײַך זאָגען אַז איהר זאָלט זיך מיט איהם משדך זײַן איך האָב אפילו ניט געוואָלט פאַר קײַן געלד נאָר נויט ברעכט אײַזען זײַט מיר מוחל, וואָס קען זײַן? וועט ער דיר געבען אַפּאַטש איז אויך פאַרפאַלען, וועלען די קינדער חאָטש האָבען וואָס שבת צו עסען. וואָס קען דען אַוועב ניט אָן רעדען, ר׳ משה פאָלגט און זוכט אויף דעם לײַבעל.

ר׳ לײַבעל זעהט פון ווײַטען גײַן ר׳ משה טראַכט ער ר׳ משה זוכט שוין מיך ער וועט שוין גײַן. ער גײַט פאַרבײַ. ר׳ משח זאָגט שוין הערט ר׳ לײַבעל איך וועל גײַן. פּראָבע פרײַ. ר׳ לײַבעל נעמט אַרויס צעהן גילדען און געט איהם און זאָגט ר׳ משה נאַט אײַך אַכוסה שנאַפּס און גײַט מיט קוראַזש און גליקט, ר׳ משה חאַפּט אַרײַן אַהאַלב קוואַטירעל שנאַפּס און נעמט די צעהן

גילדען

גילדרען און גייט. ער קומט פאַר דעם בית המדרש זעהט ער ווי דער רב קומט פונקט אָן פון דער מקוה און גייט אַריין צו זיך אין שטוב, ר׳ משה נאָך. זאָגט ער רבי קרוין און וויינט שטאַרק. דער רבי פרעגט איהם ר׳ משה וואָס וויינט איהר זאָגט ער רבי צדיק איך האָב נישט געהאַט אַ פרוטה אויף שבת יאָגט מיך שוין ר׳ לייבעל אַרום אגאַנצען טאָג און גיעט מיר צעהן גילדרען פאַר דעם וועג איך זאָל צו אייך גיין און איך האָב בשום אופן נישט געוואָלט אָבער איך זעה יעצט עס איז שוין שפעט איך האָב קיין עצה נישט האָב איך געמוזט נעמען די צעהן גילדרען און גיין צו אייך זאָגען דאָס ער וויל אייך מיט אייער ווייב מיט אייער זוהן זקן אַלטער׳ל טייער בעקליידען און אויעק געבען זיין גאַנץ געלד וואָס ער האָט די עטליכע צוואָנציג טויזענט רובל כדי אייער טייערער זוהן זקן אַלטער׳ל זאָל זיין זיין איידעם:

דער רב פרעגט וועלכער ר׳ לייבעל? דער משה שדכן האַלט די טהיר אין דער האַנד און זאָגט ר׳ לייבעל וואַסער-טרעגער און לויפט געשווינד אַרויס. דער רב לויפט איהם נאָך און שרייט דו שייגאַץ דו פושע ישראל און דעם גראָבען לילקע ציבעך אין דער האַנד און גיעט איהם אוואָרף נאָך. צוליעב צעהן גילדרען גייסט דו מיך אַזוי מבזה זיין. געדענק! איך וועל דיך מחרים זיין אין בית המדרש אויך אין שוהל מען זאָל דיך מיט קיין מנין נישט מצרף זיין. דו לאָבוס דו וועסט דיר שוין אַשוואַרץ יאָהר אויסרעכטען:

דער ר׳ משה לויפט געשווינד אַהיים מיט די צעהן גילדרען, דערצעהלט דעם ווייב זיין פסק דאָס ווייב זאָגט וואָס גייט דיך אָן, אַבע עס איז דאָ אויף שבת, דער לייבעל ווארט איהם אָב און פרעגט איהם וואָס ער האָט געזאָגט דער משה דערצעהלט איהם די גאַנצע זאַך און ווייזט איהם אַצייכען אין קאָפּ פון דעם לילקע ציבעך. דער ר׳ לייבעל זאָגט הערט ר׳ משה איך זאָג אייך איהר וועט שוין פאַרדינען שדכנות מיט דעם אייבערשטענס הילף געהט אַהיים, דער רב געהט אַריין אין שטוב און קרעכצט און זיפצט, די רעביצין הערט ווי דער רב קרעכצט אַזוי געהט זי אַריין און פרעגט איהם וואָס איז דאָס? ער דערצעהלט איהר די גאַנצע זאַך זי זאָגט דו האָסט נישט געקענט שרייען אויף מיר וואָלט איך דעם גראָבען משה דעם בויך אויף געשניטען דעם שייגעץ, אַ חוצפה אַזוי אַ פושע ישראל קומט מיט אַזוי אַ אָנשלאָג. זי וויינט אויך מיט טרערען, און זאָגט פאַר מיין טייערען קינד און פאַר אונז אויף דער עלטער וואָס מען רעדט אונז מיט דעם גאַוועראָווער צדיק אַ שידוך קומט אַזוי אַ לאָבוס און נעהט אָן שלאָגען מיט לייבעל פאַרעך דער שוהל קלאַפּער, דער טויטען גרעבער דער וואַסער טרעגער דער גנב און טרייַנה דער הויקער די שטימע די היעשען און די טאָכטער חי׳ דבורה וועשען זאָל זיין מיין שניר, און וויינט שטאַרק און העשעט אַ ערך פון אַהאַלבע שעה און זאָגט טאָמער טרעפסטו איהם אין שוהל אָדער אין בית המדרש דעם פושע ישראל זאָלסטו איהם גוט אויספּאַטשען, וואָס טהון דען די גנבים די שדכנים נישט אַבע זיי זאָלען חאַפּען די עטליכע רובל, געהרג׳עט זאָלען

זיי

זיי וואָרען און הייבט אָן דעם רב צו טרייסטען און זאָגט אַ בחור מיט אַ בתולה זענען אַזוי ווי אַהאַנטוך ווער עס וויל ווישט זיך אין זיי אָב. זאָרג נישט מיין מאַן דער אייבערשטער וועט אונז נאָך העלפען, מען וועט אַלעס אין פריידען דערצעהלען, זייא רוהיג:

דער רב איז צו זיך געקומען נאָר גאַנץ שבת האָט ער נישט געקענט עסען פאַר עגמת נפש פון די מעשה פון דעם גראָבען משה שדכן אין האָט גאַנץ שבת נאָר געזאָגט ימח שמו וזכרו דער שייגעץ'דיגער משה שדכן, איך וועל איהם שוין בעצאָהלען. זונטאָג נאָך שבת ווי דער רב געהט אין שוהל אַריין טרעפט ער פונקט ר' משה שדכן און וויל איהם געבען אַגוט חלק, בערעכענט דער רב עס ווערט נאָך ערגער זיין דאָס די שטאָדט וועלען וויסען פון די מעשה איז זעהר בעסער דאָס ער זאָל זיך גאָר נישט וויסען מאַכען, ער זאָגט גאָר נישט דעם ר' משה שדכן נאָר ער טראַכט זיך ער וועט שוין קומען אין מיין האַנד אַריין. עס געהט אַוועק אַפאָר טאָג קומט אַריין צום רב אַ אַלטע יודענע און בעהט זעהר זי האָט אַ דין תורה מיט ר' לייבעל וואַסער טרעגער אַזוי נעמט דער רב דעם שמש און שיקט נאָך איהם. ר' לייבעל קומט גלייך אריין די פרעמדע יודענע דערצעהלט אַזוי ווי זי האָט מיט עטליכע פערציג יאָהר צוריק געהאַט אַ מאַן איז דער מאַן פון איהר אַוועק האָט זי פאָר געהאַט מיט אַ אַנדערען און זי איז מעוברת געוואָרען איז זי אַוועק אין אַ אַנדערע שטאָדט און זי האָט געבוירען אַזוהן און מען האָט איהם מל געוועזען און איהם געגעבען אַנאָמען לייבעל דערנאָך ער איז אַלט געוואָרען פינף יאָהר האָט זי איהם איבער געלאָזט ביי דעם היגען שמש און זי איז צוריק אַהיים צו איהר מאַן, יעצט איז איהר מאַן געשטאָרבען איז זי געבליבען אָרעם און זי האָט נישט פון וואַנען צו נעמען האָט זי געוואָהר געוואָרען דער לייבעל איז אַ עושר פערלאַנגט זי ער זאָל זי מפרנס זיין דערנערען זיי און דאָס איז דער ר' לייבעל וואַסער טרעגער, אַ סימן האָט זי אין איהם, ער האָט אוואָרצעל אויף דעם רעכטען פיס. דער רב הייסט אָב ציהען דעם לייבלען די רעכטע טרעפעס און זעהט דעם וואָרצעל פינקטליך ווי די אַלטעצקע יודענע האָט געזאָגט, דער רב הייסט ר' לייבעל זאָל איהר געבען הונדערט גילדען און זי זאָל אַוועק פאָהרען:

עס ווערט מפורסם אין שטאָדט די גאַנצע געשיכטע פון דעם דין תורה און פון דעם פסק. יעצט ליבע לעזער איז למזל צו געקומען אַנייער נאָמען ר' לייבעלען, דער נאָמען בענקאַרט, יעצט הייסט ער שוין ר' לייבעל פאַרעך, לייבעל טויטען גרעבער, לייבעל שוהל קלאַפער, לייבעל וואַסער טרעגער, לייבעל בענקאַרט, לייבעל גנב, זעקס טייערע נעמען. און דאָס ווייב הייסט שוין טריינה דער הויקער, טריינה די שטימע, טריינה די וועשען, טריינה די בענקאַרטין, און די בת יחידה הייסט שוין חי' דבירה וועשען טריינה מיט לייבעל בענקאַרטעס טאָכטער. די נעמען זענען שעהן זעהר גרויסאַרטיג.

יעצט ליבע לעזער לאָזען מיר ווייטער ענדיגען די זאַכען. לייבעל

גערט זיך וויטער צו זיין ארבייט צו די אשעדלעס מיט די וויאדרעס, טרייגא מיט די בת יחידה'לע גייען צו זייער וועש וואשען, עס קומט שבועות אין לאנד דער עולם באקט פוטער קיכען מען ברויך אסך וואסער עס איז ערב שבועות זייגער 2 נאך מיטאג. אונזער טייערער יחסן ר' לייבעל געהט אין גאס מיט זיין געוועהר זעהט ער ווידער געהן דעם גראהבען ר' משה שדכן, ער שמעלט זיך אב און רופט ר' משה קומט נאר אהער ווי האלטען ביי אייך די פיטער קיכען אויף יו"ט, זענען זיי שוין פארטיג?

ר' משה שדכן ענטפערט איהם וואס מאכט איהר אזוי חוזק פון מיר. ווי הייסט פיטער קיכען איך האב אפילו קיין ברויט אויך נישט פאר מיינע קינדער אויף יו"ט מיט אגרויסען קרעכץ. הערט ר' משה זאגט לייבעל איך גיעב אייך ווידער דריי קערבלעך אויף יו"ט פאר דעם וועג און געהט ווידער אריין צו דעם רב און זאגט איהם ווידער אז איך וויל מיך מיט איהם משדך זיין, ר' משה גיעט זיך אחאפ ביי דעם קאפ און זאגט געוואלד ווי קען איך דאס טהון היינט געהן צו דעם וב מיט אזעלכע זאכען, פריער איידער מען האט נאך געוויסט אז איהר זענט אבענקארט האט מיך דער רב אזוי אויס געשייגעצט און מיר אקלאפ געגעבען מיט דעם לילקע ציבעך אין קאפ, היינט ווי די גאנצע שטאדט ווייסט שוין אז איהר זענט אבענקארט אויך וועט ער מיך דאך דורס'ן טרעטען מיט די פיס און מיך לייגען אין די דריי אותיות אריין ווי קען איך דאס געהן טהון איך וויל בעסער פאסטען יו"ט מיט מיינע קינדערלעך איידער איך זאל האבען אזעלכע צרות פון רב און ער וועט דאך אין גאנצען גערעכט זיין וואס ער וועט מיר טהון. זאגט ר' לייבעל זייט נישט קיין שוטה ר' משה איך האב אמאל געהערט פון דעם הייליגען רב זאגען כסף וזהב מטהר ממזרים, גאלד און זילבער רייניגט בענקארטען אויך, פאלגט מיך ר' משה געהט, געהט! אייערע קינדער וועלען האבען אגוטען יו"ט בעסער חאפט אהאלב קוואטירעל און לויפט. מיין גוטער ר' משה בלייבט שטיין ביז אפערטעל שעה און קלערט, ר' לייבעל זאגט באלמוטשעט מיך נישט און אייך אויך און פליהט. חאפט ארויס צוואנציג גילדען קליין געלד און גיעט ר' משה'ן אגאנץ האלב קוואטירעל אקעוויט צו. ר' משה חאפט אראפ און זאגט ניעך סיען זשיע, לאז זיין וואס עס זאל זיין און ראמפעלט. ער קוקט אריין צו דעם רב אין שטוב זעהט ער ווי דער רב שטייט ביי דעם טיש און די רעביצין שטייט ביי דעם אנדערען טיש פערדרייט די קאפקע און פערמעחעט, אוועקגעל האלץ אין דער האנד און ארבייט אין די פיטער־קיכען. ער עפענט די טהיר און מיט דעם הויכען קול אגעשריי גוט מארגען רבי. דער רב זעהט איהם ווערט ער דערשראקען און זאגט עוכר ישראל האסט נאך א חוצפה אריין צו קומען צו מיר אין שטוב:

ר' משה גיעט אגעשריי וואס טויג אייך אזעלכע נארעשקייטען מיט שוויגצעוואטע זאכען אייער קינד מיט אייער ווייב קען גאנץ גוט זיין. וואס טויג אייך וואס די שטאדט וועט זאגען היינט קוקט מען נאר

אויף

אויף געלד נישט אויף קיין יתום, ר' לייבעל האָט אַ סך געלד לאָז ער זיין לייבעל אַבּע געלד, דער רב לויפט צו און חאַפּט אַרויס דאָס ווערגעל האַלץ פון די רעביצין און איז ר' משה'ן מכבד איבער דעם קאָפּ ביז דאָס ווערגעל האַלץ ווערט צובראָכען, דאָ האָסט דו דיין שרבנות געלד זאָגט ער צו איהם אַרויס שייגעץ און וואַרפט איהם אַרויס. ר' משה קראַצט זיך דעם קאָפּ און לויפט מיט די צוואָנציג גילדען קליין געלד אַהיים און גיעט דעם ווייב אויף יו"ט און דערצעהלט איהר די גאַנצע מעשה אַז ער איז ווידער געוועזען ביי דעם רב און האָט געקריגען גוט געשלאָגען איבער דעם קאָפּ ר' לייבעל זעהט פון דערווייטענס ר' משה געהט מיט אַצובלוטען קאָפּ ער שטעלט איהם אָב און נעמט קאַלטע וואַסער און לייגט איהם צו צו דעם קאָפּ ר' משה דערצעהלט איהם די גאַנצע זאַך ר' לייבעל זאָגט זאָרגט נישט ר' משה איהר וועט מיט דעם אייבערשטען הילף שוין געווים פערדינען ביי מיר שדכנות געלד. דער רב שטייט אַזוי און קלעהרט ער איז אַצומישטער ער ווייסט גאָר נישט וואָס עס טוט זיך מיט איהם, און דבורה די רעביצין שטייט פערהאָרוועט און פערסמאָלעט פון די אַרבייט פון מאַכען דעם פיטער-קיכען לכבוד יו"ט. אַזוי ווי זי שאָקעלט זיך און ווערגעלט די קיכלעך זאָגט זי צום רב דו זאָלסט נישט מיינען דאָס מיידעל איז אַ אָרענטלעך מיידעל אַ בעל-הבית'טע נאָר לייג דיך אין אַזוי אַבלאָטע, אַוואַסער טרעגער. רופט זיך אָן דער רב דאָס איז גאָר נישט ר' יצחק נפחא איז געוועזען אַקאָוואַל. זאָגט די רעביצין אַטויטען גרעבער? ענטפערט דער רב אַ חופר מתים איז אַ דבר גדול, דאָס הייסט אַטויטען גרעבער איז אַגרויסע מצוה, אַח, לאָז געהן אַבענקאַרט דאָס איז אַגרויסער פסול זאָגט דבורה די רעביצין, נאָר כסף יענה את הכל געלד פערענטפערט אַלץ זאָגט ווידער דער רב. פרעגט ווידער די רעביצין אַ גנב וואָס גנב'עט וואָס אונז ווייסען דער האָט דאָך גנבה'ש געלד גענגב'עט ביי די קאַרגע גבירתה, זאָגט דער רב דו ווייסט דבורה דאָס די הייליגע גמרא זאָגט רוב גנבי ישראל נינהו דאָס הייסט צומעהרסט גנבים זענען יודען. נו אַז אַזוי זאָגט די רעביצין שאָקעלדיגערהייט ביי די קיכלעך וואָלט נאָך גאָר נישט אַזוי קרום געוועזען. דען די וועלט זאָגט מען נעמט אַרויס די קיה פון שטאַל און מען מאַכט דאָס שטאַל צו, אַבּע עס זאָל אונזער קינד גוט זיין, אַז אונז וועלען טהון מיט אַ רב אָדער אַ רבי וועט ער געפייניגט ווערען וועט לעבען אין דחקות אַזוי ווי אונז נישט קיין שום מלבוש נישט איך נישט דו פון די פענסיע איז קוים זיך מיט די פאַפּע אָפּ צו יאָגען און ווי דאָס לעבען קוקט אויס משטיינס געזאָגט, זעה נאָהר איך באַק פיטער-קיכען חלעבען אַבּע יוצא צו זיין מען מעג זיי כמעט עסען מיט פליייש איך ווייס נישט אויב עס איז אין זיי אַקראָצעק פיטער, דען פון וואַנען זאָל איך דאָס נעמען פון די פענסיע אָדער פון די כיבודים? זעהסט עס איז שוין זעקס פאַרנאַכט האָבען דיר קוים צוויי בעלי בתים געשיקט צו אַבצען גראָשען כיבוד יו"ט:

אָבער אַ סוחר פעהלט גאָר נישט. ווען זקן אלטער'ל וועט האָבען אַזוי

פיער

פִֿיעל געֶלד עֶטלִיכֶע צוואנציג טויזענט רובל וועט עֶר קענען זיין אַגרויסער
סיחר, נו לייבעל איז אַוואסער טרעגער האָב איך ווידער אַזאָרג וואָס געהט
עֶם מיך אָן לאָז עֶר זיין וואָס עֶר וויל? זעהסט מאָרגען אי״ה וועט זיין יו״ט
וואָס האָב איך צו געהן אין שוהל אַריין קיין קלייד קיין יאַקע קיין טיכעל
אַ חרפה און אַ בושה אַזוי צו געהן אָן שיך, חלעבען איך קוק אויף דיר מיט
דיין געהן געהט מיר אויך אָן אַגעווין אָהן אַקאָלפּעק אַצורעסענע אַטלעסאָווקע
עֶם איז שוין אַזוי פִֿיעל יאָהרען ווי דו האָסט געלאָזט אַריין מאַכען אַפּאָר
אַרבעל אין די אַטלעסאָווקע, און יעצט קען מען דערצו אויך נישט קומען,
איך האָב מיר געקויפט אַשטיקעל רויטס באַנד אין די קאָפּקע עֶם איז שוין
צוריסען אויף שטיקלעך און קיין אַנדערס קען איך מיר שוין נישט קויפען מאַך
אַקינד פֿאַר אַרב עֶר זאָל פֿאַר שוואַרצען אוויב און שטענדיג לעבען מיט
דחקות. איך ווייס נאָך נישט אָבער איך וועל דערפון יענע וועלט יאָ האָבען.
ר׳ לייבעל וואָלט אונז בעקלייַדט פֿון קאָפּ ביז די פיס עֶס וואָלט פֿאַר איהם גע־
ווען אַ זכייה און טאַקע יאָ, אָבער אונז וואָס טויג יחוס מיר זענען ב״ה
אַליין מיוחסים. רופט זיך אָן דער רב וואָס רעדסט דו וואָס וועט די
וועלט זאָגען צו אַזוי אַזאַך? נו האָב איך ווידער אַזאָרג וואָס די וועלט וועט
זאָגען די וועלט זאָגט גאָר נישט ווען איך לייג מיך שלאָפען מיט אַשטיקעל
טרוקען ברויט מיט זאַלץ אַלץ קוקען אויף דער וועלט לאָז די וועלט קוקען
אויף מיר רופט זיך אָב דבורה די רעביצין און בלייבט שטיל אויף אַלאַנגע
ווייַלע. נאָר אַזאַך איז אין דער וועג רופט זיך אָן די רעביצין, די כלה הייסט
דאָך דעם זעלבען נאָמען וואָס איך, זי הייסט דאָך חי׳ דבורה און די וועלט
מייַדט דאָך דאָס. רופט זיך אָן דער רב ר׳ ישראל מרדכי דאָס מאַכט
נישט אוים זי הייסט דאָך צוויי נעמען וועט זי דער מאַן נאָר רופען חי׳
אַליין, ווען אַזוי זאָגט די רעביצין וואָלט איך געמיינט אַז מען זאָל גאָר נישט
קוקען און נישט מיט קיין מענש רעדען נאָר הייסען ר׳ משה שדכן דאָס דע־
ר׳ לייבעל זאָל אַריין קומען אין די זאַך זאָל נגמר ווערען מיט מזל, אַז איך
שעהם מיך נישט אַז טרייַנה דער הויקער זאָל זיין מיין אַ מחותנת׳טע, ברויכסט
דו דאָך אויך נישט צו שעמען דען האָט עֶר דען חתונה מיט די מחותנת׳טע
פֿאַר מייַנעט וועגען קען די מחותנת׳טע זיין בלינד. אויך דער רב ענטפערט
גאָר נישט געהט אין מקוה און קומט צוריק און פֿערווייבערט זיך דעם גרויסען
לילקע ציבעך און געהט אַרויף און אַראָפּ אין שטוב און זאָגט אַזוי צו זיך
עֶם איז דאָך צייט מיישב צו זיין איבער יו״ט. עֶם ווערט נאַכט. דער רב געהט
דאַווענען אין שוהל אַריין נאָך דעם דאַווענען געהט עֶר אַרוים שטייט פֿון
הינטען אויף דער מערב וואַנד ר׳ לייבעל פֿאַרעך זאָגט דער רב איהם גוט
יום טוב ר׳ לייבעל גוט יאָהר ענטפערט ר׳ לייבעל רבי לעבען. ר׳ לייבעל
געהט אַהיים, אויף דעם וועג טרעפט עֶר ר׳ משה שדכן זאָגט עֶר גוט יו״ט
ר׳ משה איך קאַן אייַך מבשר זיין אַגוטע בשורה איהר וועט שוין זיבער פֿער־
דינען מיט דעם אייבערשטענס הילף ביי מיר שדכנות געלד, ווי אַזוי פֿרעגט

דער

דער גראבער משה זאגט ר׳ לייבעל אזוי ווי דער רב איז ארויס געגאנגען פון שוהל האב איך געזעהן דאס ער איז פלייסיג געשווינד צו געגאנגען צו מיר און האט מיר געזאגט גוט יו״ט ר׳ לייבעל, פערשטעהי איך אז דאס גייט שוין אויף עפעס ארויף, איהם באדזשעט שוין די פאהר גילדען מיינע, ער וואלט זי שוין געווען אן געקריגען פון מיר נאר איך בין צופרידען דען זקן אלטער׳ל איז א ארענטלעך קינד. אויף מארגען דעם ערשטען טאג יו״ט גייט שוין דער גראבער משה אויך אין שוהל אריין דאווענען דען ביז אהער האט ער מורא געהאט צו גיין אין שוהל פאר דעם רב האט ער געדאווענט אין בית המדרש אבער יעצט שטעלט זיך דער גראבער איין און געהט אין שוהל און שטעלט זיך דאווענען נישט ווייט פון רב. נאך דעם דאווענען געהט דער רב אהיים שטייט דער גראבער משה זאגט דער רב גוט יו״ט ר׳ משה, און געהט ווייטער צום טהיר ווי ר׳ לייבעל פארעך שטייט און זאגט גוט יו״ט ר׳ לייבעלי, דער גאנצער עולם שטייט און ווערט פערוואונדערט. ווי קומט דאס עפעס דאס דער רב זאל זאגען ר׳ לייבעל פארעך בענקארט גוט יו״ט און איטליבער געהט אהיים, ר׳ משה שדכן טראכט זיך די מעשה איז פערטיג דאס עסק ווערט שוין ווערען. דעם צווייטען טאג יו״ט זאגט ר׳ לייבעל צו זיין ווייב טריינה איך וועל דיר זאגען אז דו זאלסט מיך פאלגען און היינט געהן אין שוהל אריין וועסטו דאך זעהן אויב די רעביצין וויל צו דיר עפעס רעדען וועט מען שוין אין גאנצען וויסען וואס דא איז:

די טריינה זאגט איך בין נאך אויף מיין לעבען נישט געוועזען אין שוהל איך ווייס גאר נישט וואס מען טהוט דארטען. זאגט ר׳ לייבעל דו וועסט מיט נעמען א סידור און וועסט שטיין און אלע פאר מינוטען וועסט דו אבלעטעל ארום מישען וועט מען מיינען אז דו דאווענסט און זאלסט נאך מאכען אביסעל מיט דעם מויל, טריינה מאכט דאס פעקעל און א סידור אין האנד לויפט אין שוהל, שטעלט זיך אוועק, מאכט מיט דעם מויל זעהט ווען אלע ווייבער מישען אזוי מישט זי אויך ארום אבלעטעל נאך דעם דאווענען געהט די רעביצין צו צו איהר און זאגט גוט יום טוב טריינה׳לע גוט גוט ע ע יאהרע בע בע צען מיט איהר שטום לשון, און קומט אהיים און דערצעהלט די גאנצע זאך:

די רעביצין קומט אהיים זאגט זי צו דעם רב דו מיינסט אז די טריינה איז פון גראבען עולם אח, איך האב זי געזעהן היינט אין שוהל מיט א סידור אין האנד און האט געדאווענט און געמישט איך זאג דיר ניע טאק דיאבעל כטראשאנא יאק אמאלאוואנא. עס איז נאך נישט אזוי שעדלעך חלילה ווי מען מיינט, מיין מיינונג איז אז מען זאל שוין נישט אנדערש טהון נאר שיקען נאך דעם גראבען משה דעם שדכן און הייסען דאס ער זאל ר׳ לייבקען אריין רופען און די זאך ענדיגען צו גרויס מזל:

דער רב זאגט היינט איז דאך יו״ט מארגען אי״ה וועל איך שיקען נאך דעם שדכן, איך מיין אויך אזוי אז דער שידוך וועט גאר גוט זיין. דער רב

מיט

מיט די רביצין האָבען שוין געהאָפּט אַז עס זאָל ווערען אויס יו"ט צו חאַפּען דאָס גליק, דען דער רב זאָגט ביי אַ שידוך דאַרף מען מורא האָבען שמא יקדמנו אחר, דאָס הייסט טאָמער וועט איין אַנדערער אויס חאַפּען אַזוי איין גליק. השי"ת האָט געהאָלפען, מען האָט הבדלה געמאַכט רופט דער רב זיין שמש און בעט איהם דאָס ער זאָל גיין צו דעם גראָבען משה דעם שדכן און בעטען איהם דאָס דער רב בעט איהם ער זאָל באַלד שנעל קומען צו איהם. דער שמש קומט צוריק און זאָגט דאָס דער ר' משה בעט איהם זעהר דאָס ער זאָל שוין ניט זיין אַזוי בייז אויף איהם ער איז גאָר נישט שולדיג, דען ער האָט גערעכענט דאָס דער רב שיקט נאָך איהם ער וויל איהם לייגען אין די 3 אותיות פאַר דעם בזיון וואָס ער האָט איהם מבזה געוועזען מיט דעהם אָן שלאָגען דעם שידוך, דער רב שיקט נאָך איין מאָהל דעם שמש און בעפעהלט איהם דאָס ער וועט איהם גאָר נישט טוהען נאָר ער בעט דאָס ער זאָל גלייך אַריין קומען צו איהם. דער גראָבער משה שדכן הערט אויס די רייד זאָגט ער איך געה מיט קוראַזש. ער עפענט די טיהר מיט איין געשריי גוט וואָך הייליגער רבי גוט יאָהר ענטפערט איהם דער רב ברוך הבא ר' משה, זיצט אַנידער ר' משה און דערלאַנגט איהם איין שטול, זאָגט מיר ר' משה וואָס האָט אייך געזאָגט ר' לייבעלע. וועלכער ר' לייבעלע פרעגט ר' משה. ר' לייבעלע וואָס מען רופט איהם וואַסער ברעננער זאָגט דער רב, אָה, טראַכט ר' משה, ער הייסט שוין ר' לייבעלע און נישט וואַסער טרעגער נאָר וואַסער ברעננער, ענטווערט ר' משה ער האָט מיר געגעבען צו פאַרשטיין ווי איין איידעל בת יחידה'לע ער האָט און ווי קלוג זי איז און ער וויל דעם רבין מיט די רביצין מלביש ומנעיל זיין, דאָס הייסט בעקליידען פון קאָפּ ביז פיס און בפרט דעם חתן מאַכען הלבשה דאָס הייסט אַלעם וואָס ער בר"יכט נגידיש אויך בעטגעוואַנד אייף דעם טייערסטען אופן און וויל איהם אַוועק געבען די גאַנצע פינף און צוואַנציג טויזענד רובעל וואָס ער פאַר מאָגט און פאַר זיך זאָגט ער מיט זיין ווייב ברויך ער נישט איבער צו לאָזען איין קאָפּעק דען ער קען מיט זיין ווייב פאַרדינען וואָס ער ברויכט אבי ער זאָל קריגען דאָס טייערע בחורל זקן אַלטעריל פאַר איין איידעם דען די טאָכטער די בת יחידה'לע וויל נאָר דורך אויס איין בן תורה. זאָגט דער רב ר' משה ווען עס איז אַזוי ווי איין יוד וואָס איז כל ימיו נהנה מיגע כפו דאָס הייסט ער לעבט פון זיינע שווערע אַרבייט וואָס זיינע פינגער אַרבייטען אויס און עס קומט איהם נעבעך אָן מיט נויט שוויים דער הייסט ביי מיר איין גאַנצע ערליבער יוד און בפרט ער שטרעבט אויף איין איידעם איין תלמוד חכם הייסט ער כמעט איין צדיק, זאָלט איהר איהם אַריין ברענגען און איך וועל מיך מיט איהם משדך זיין אם מד' יצא הדבר דאָס הייסט ווען עס ווערט זיין פון אייבערשטען. גייט ר' משה און ברענגט איהם אַריין. ר' משה הילכט, מאַכט פיס, ראַמפּעלט אַרויף צו ר' לייבעל, קומט אריין

אַהײַן עֶפֶּענט דיִ טיִהר און זאָגט גוט וואָך לײַבעֶל אַ ה זאָגט לײַבעֶל דעֶר רבי׳לעֶ האָט אײַך שוין אַרײַן געֶשיִקט צו מיִר האָב איִך אײַך געֶזאָגט דאַס עֶס וועֶט ווערעֶן פֿון דעֶם שידוך. רבי׳לעֶ גנב מאַכט אָנשטאַלעֶן, העֶ ? באַלעֶמוטשעֶט גאָר ניִשט קומט אַרײַן צום רב זאָגט ר׳ משה שדכן. איִך וועֶל אײַך זאָגעֶן ר׳ משה זאָגט לײַבעֶל איִך טאָר איִן דעֶם עֶרשטעֶן מאָל ניִשט גײַן איִהר וועֶט איִהם מוחל זײַן זאָגעֶן דאָס איִך האָב הײַנט קײַן צײַט ניִשט דעֶן דעֶר גאַנצעֶר עולם האָט ניִשט קײַן טראָפּ וואַסעֶר עֶס איִז נאָך יו״ט איִך וועֶל הײַנט דעֶם עולם אָן טראָגעֶן געֶנוג וואַסעֶר מאָרגעֶן איִן דעֶר פֿריִה וועֶל איִך אָב דאַווענעֶן כלחוך השור גאַנץ בעֶגיִנין און מעֶן וועֶט אַרײַן גײַן. געֶרעֶכט, אַ גוטעֶ נאַכט זאָגט ר׳ משה קומט מיִט די אַנטוואָרט און עֶר= ציילט דעֶם רב אַז הײַנט האָט עֶר קײַן צײַט איִן דעֶר פֿריִה וועֶט עֶר אַרײַן קומעֶן. דעֶר רב מיִט דיִ רעֶביצין האָבעֶן שוין אײַן גאַנצעֶ נאַכט ניִשט געֶקעֶנט שלאָפֿעֶן, דיִ רעֶביצין זאָגט וועֶר ווײס אָבעֶר דעֶר ר׳ לײַבעֶל האָט ניִשט חרטה געֶקריִגעֶן וואָרום דיִ וועֶלט זאָגט בעֶזיִגט זיִך דעֶר חכם בעֶזיִנט זיִך דעֶר נאַר, דעֶן אַזוי אײַן גליִק לאָזט מעֶן ניִשט אַוועֶק און מעֶן וואַרט ניִשט אַזוי לאַנג. עֶס איִז פֿאַרפֿאַלעֶן זאָגט דעֶר רב מעֶן מוז וואַרטעֶן, טאָמעֶר וועֶט השי״ת העֶלפֿעֶן דאָס דעֶר ר׳ לײַבעֶל וועֶט ניִשט חרטה קריִגעֶן, דעֶר אײבעֶרשטעֶר העֶלפֿט. עֶס ווערט טאָג ר׳ לײַבעֶל טוט זיִך אָן דעֶם יו״ט פֿאַלטעֶן און אײַן פּאָר שטיִוועֶל מיִט אײַן היִטעֶל פּוצט זיִך אויס דאָס בעֶרדעֶל נעֶמט טלית ותפלין גײט דאַווענעֶן איִן בית המדרש קומט איִן בית המדרש פֿרעֶגעֶן איִהם דעֶר עולם העֶ ? וואָס קומט איִהר עֶפּעֶס הײַנט דאַווענעֶן מיִט מנין דאָס האָט איִהר דאָך נאָך ניִשט געֶטוהעֶן אַזוי לאַנג ווי איִהר לעֶבט איִן דעֶר וואָכעֶנס צו דאַווענעֶן מיִט מנין און נאָך אַזוי אויסגעֶפּוצט איִהר האָט אַוודאי יאָהר צײַט; איִהר וועֶט הײַנט מוזעֶן שיִקעֶן נאָך שנאַפּס! זאָגט לײַבעֶל זאָגט מיִר וועֶר מײַן טאַטעֶ איִז וועֶל איִך אײַך שיִקעֶן נאָך שנאַפּס מיִט אײַן געֶלעֶכטעֶר. מעֶן דאַווענט אָב, ר׳ משה שדכן וואַרט שוין אויף ר׳ לײַבעֶלעֶן מעֶן גײט אַרײַן צום רב ר׳ משה פֿריִהעֶר ר׳ לײַבעֶל נאָך גוט מאָרגעֶן רבי זאָגעֶן בײַדעֶ און אַקוש דיִ מזוזה, גוט יאָהר עֶנטוועֶרט דעֶר רב ברוכים הבאים ברוך הבא ר׳ ליבקא זעֶצט אַניִדעֶר ר׳ לײַבעֶלעֶ אויך משה און שרײַט דבורה. דיִ רבעֶצין קומט אַרײַן פֿרעֶגט דעֶר רב איִהר וועֶט אפשר טריִנקעֶן אַגלעֶזעֶל טעֶה ר׳ ליבקא? איִך דאַנק אײַך זאָגט ר׳ לײַבקא איִך האָב שוין געֶדאַוועֶנט. נו, איִהר דאַווענט, זעֶה איִך תפילה בציבור דאָס הײסט מיִט מנין? נײַן רבי׳לעֶ זײ האָבעֶן מיִך געֶפֿרעֶגט אויב איִך האָב יאָר צײַט און דעֶר עולם האָט געֶוואָלט שנאַפּס האָב איִך זײ געֶזאָגט זאָגט מיִר וועֶר מײַן טאַטעֶ איִז וועֶל איִך אײַך קויפֿעֶן בראַנפֿעֶן האַ האַ האַ מיִט אײַן גרויס געֶלעֶכטעֶר דעֶר רב זאָגט איִהר זעֶנט קײַן נאַר ניִשט איִהר לאָזט זיִך ניִשט פֿון זײ אויס נאַרעֶן, נײַן רבי לעֶבעֶן איִך זאָג נאָר וואָס עֶהרליִך איִז, זאָגט לײַבעֶל. דעֶר גראָבעֶר משה קוקט איִהם אָן און

טראַכט זיך אַקלאָג נאָך דײַן קאָפּ לײַבעל בענקאַרט וואָס רומסטו דיך אַז די וויַסט נישט ווער דײַן טאַטען איז. זאָגט דער רב וואָס ווילט איהר זאָגען ר׳ לײַבעל לאָמער שמועסען אין דער זאַך, זאָגט לײַבעל רבי לעבען איהר וויַסט דאָך גאַנץ גוט אַז איך בין איין פראָסטאַק אויך מײַן יחוס, נו, יחוס נאַ קברות איבערגענס קענט איהר מיך גוט אַז איך בין איין ערליכער מאַן איך וועל מיר אײַנרײַדען אַז אַזוי איין ערליכער מאַן ווי איך בין אין געשעפט איז קיין שום סוחר נישט פרעגט אײַך נאָך הײַליגער רבי אין מײַן בעזדאַרני געשעפטעל קוקט מען מיר נישט נאָך איך האָב גע׳קענט אַראָפּ גנבענען פון יערערע קאַן וואַסער איין פאָר קוואָרט און עס וואָלט קיינער נישט געוויסט אָבער חלילה, ערליך מוז מען זײַן, און מײַן ווײַב אויך דאָס איינגענע ווער שמיסט מײַן קינד זאָל געזינד און שטאַרק זײַן איין חכמת וואָס גיבט גאָר נישט אויף דער וועלט אײַן סוחר׳טע. איינע איהר האָט געברויכט צו זעהן ווי אַזוי זי האַנדעלט בײַ די גוים זאַמד זי פאַר דרייַט זיי זי שאַכערט מיט שוביעבטץ ביז זי גענאַרט זיי אוים אפּיל שאַף מיט זאַמד און דאָס שענסטע זאַמד מען ווייט זי נישט גענאַרען, האָ האָ איין בעל הביתטע איז כמעט צו זוכען איהר אויפרויהמען האָט טויזענד טעם איהר עסען קויפען מעגען זיך אַלע לערנען זי קאָכט קאַרטאָפּעל קלאָסקעס זי שאַבט און רײַבט און קוועצט אוים און קנעט און מאַכט און קאָכט אָפּ אַלעם אליין דאָס טוט זיך גאָר נישט אַליין, דאָס איז איין אַרבייט — רבעצין איהר ברויכט צו עסען איה״ע פּ־אַזעבעם וואָס זי קאָכט אָפּ וואָלט איהר שוין געוויסט פון איין טעם אלע גוטע מײַלער מעגען דאָס עסען וואָס זאָל איך זי ריטען אַזוי איין קינד גיבט נישט באַלד, על כן איך בין גרייט צו בעקליידען דעם רבי זאָל לעבען מיט די רבעצין זאָל געזינד זײַן פון קאָפּ ביז פּיס ווער שמיסט דעם חתן אודאי אויך בעטגעוואַנד פאַר בײַדע און נדן געב איך 25000 רובעל און נעמט אַרוים דעם בײַטעל און עפענט אויף און ציילט אָב די גאַנצע 25000 רובעל זעהט איהר רבי איך וועל חלילה נישט ענדערען איין האָר אבע איך וויל אײַער קינד זקן אלטר׳ן פאַר איין אײדעם. דער רב מיט די רביצין קוקען זיך אָהן און זיי חלש׳ן פאַר דעם געלט דען זיי האָבען נאָך נישט געזעהן אַזוי לאַנג ווי זיי לעבען אַזוי פיעל געלד און זיי זאָגען ר׳ לייבצא זײַט מוחל איהר מוזט דאָך פרעגען די כלה וואָס זי זאָגט אויב זי ווייל אַזוי איין חתן איהר מוסט וויסען אַז מײַן זקן אלטעריל זאָל לעבען איז יעצט שוין קלאָהר אין ש״ס און אין פוסקים (בעל פה פון אויסענווייניג) וואָס זאָל איך אײַך זאָגען ער איז ווערט אַזוי פיעל אַז עס איז גאָר נישט איהם צו בעצאָהלען. איהר מוזט איהם קויפען ש״ס מיט נאָך ספרים, הייליגער רבי זאָגט לייבעל וואָס איז דאָס איהר זאָלט זאָגען ליגענט איהר זאָגט דאָס זקן אַלטעריל איז קלאָר ש״ס פון אויסענווייניג און צום סוף הייסט איהר דאָס איך זאָל איהם קויפען ש״ס ער קען דאָך שוין וואָס טויג דאָס אוים צו געבען בחנם ? ניין ר׳ לייבצא זאָגט דער רב די תורה

איז

אִיז גאַנץ טִיעף זִי האָט קיין גרונד נִישט זאָגט לייבעלע, אִיךְ האָבּ
גרויסע שטריק ווען איך שעפּ אָן וואַסער וואָס אִיז גאַנץ טיף דערלאַנג
אִיךְ אויךְ מִיט מײַנע שטריק טִיפֿער ווי אִיךְ דערגרייך אָן ש״ס ווערט ער
שוין נִישט דערגרייכען, נו רבי איך ברויך נִישט צוּ פֿרעגען מײַנע טאָכטער
זִי פֿאַרלאָזט זיך אויף מִיר און צווייטענס איך האָבּ שוין אַסך מאָהל גע־
רעדט מִיט אִיהר ווען אַזוי אִיז זאָגט דער רב לאָז מען מאַכען איין האַנד
שלאָג למזל. ר׳ משה זײַט מוחל ברענגט בראָנפֿען אָגט ר׳ לייבעל נאַט
אײַך אַ האַלבען רובּעל מִיט לעקעך וועט מען טרינקען און עסען נאַי
שצענטשע זאָגט דער רב אִיךְ האָבּ נאָךְ נִישט געדאַווענט זאָגט דער רב,
ר׳ לייבעל מעגט גייט דאַווענען וועל אִיךְ דאָ וואַרטען נאָר נִישט לאַנג דען
דער עולם וועט מִיךְ זוכען זיי האָבען קיין וואַסער נִישט מוז אִיךְ ברענגען
דער רב נעמט טלית ותפלין גייט דאַווענען און ר׳ לייבעל מִיט דעהם
גראָבען משה יזדכן גייען און ברענגען איין פֿלאַש אָקעווויט מִיט איין פֿינט
לעקאך דער רב אַיילט זיךְ צוּ און דאַווענט אָב געשווינד קומט אַהיים מען
טרינקט בראָנפֿען מען עסט שוין לעקאַך מען טרינקט לחיים מחותן ר׳ לייב
לחיים טובים מחותן רעבעניא מען רופֿט אַרײַן דעם חתן ר׳ לייב זאָגט
טרינק מײַן קינד נאָ לחיים מחותן, לחיים מחותן, לחיים חתן, לחיים
רבּעצין. געדענקט מײַנע לעזער ער האָט שוין געהייסען ר׳ לייבצא, דער נאָך
ר׳ לייבקא, דער נאָך ר׳ לייבעלע — יעצט ר׳ לייב און מחותן, מען פֿאַר
געסט שוין אָן ר׳ לייבעל פֿורעך, אָן ר׳ לייבעל טויטען גרעבער, אָן ר׳
לייבעל שול קלאַפּער, אָן ר׳ לייבעל גנב, אָן ר׳ לייבעל בענקאַרט אָן ר׳
לייבעל וואַסער טרעגער נאָר מחותן ר׳ לייב איך וועל מיךְ אָב פֿאַרטיגען מִיט
מײַן מלאכה זאָגט דער מחותן ר׳ ליב וועל אִיךְ אַרײַן קומען צוּ דעם
מחותן רבי און מען וועט אָב שמוסען איין תנאים. שוין זעהר גוט גייט
אײַך געזונדערהייט צוּ אײַער אַרבּייט עס אִיז נאָר איין שאַנדע צוּ גנבענען
נִישט צוּ אַרבּייטען. ווען אִיהר וועט אײַך אָב פֿאַרטיגען קענט אִיהר אַרײַן
קומען, וועט מען שוין אַלעס אויס שמוסען איין גוטען טאָג גוט יאָהר דער
רב בעלייט אַרויס ר׳ לייבען פֿון די טויער ביז אויף דער גאַס ר׳ לייבעל
גייט אַהיים זאָגט צוּ טרײַנען מזל טוב מײַן ווײַב מזל טוב כלה איך האָב
יעצט נִישט קיין צײַט איך וועל דיר שוין אַלעס דער ציילען, איך מוז
לויפֿען צוּ מײַן אַרבּייט, כאַפּט די שאַנעם מִיט די וויאַדרעס און טוט זיךְ
אָהן די בגדים מִיט די טרעפּעס און לויפֿט אין גאַס אויף זײַנע שטעלען
און טראָגט אִיטלִיכען אָן זײַן וואַסער.

די טרײַנא מִיט דעם בת יחידעלע וואַרטען שוין דער לייבעל זאָל
אַהיים קומען און זיי אַלעס דערציילען ר׳ לייבעל אײַלט זיך צוּ און
פֿאַרטיגט זיךְ אָב און לויפֿט אַהיים און זאָגט מיךְ הונגערט געב מִיר טרײַנא
עסען געשווינד וועל איךְ דיר דער ציילען אַלעס מען שטעלט אִיהם אַנידער
איין גרויסע שיסעל קאַרטאָפֿעל קלאָסקעס ער נעמט דעם גרויסען האָלצערנעם
לעפֿעל

לעפּעל און רודערט עסט און זאָגט איך האָב שוין געטאַבט מיט דעם רבילע גנב און האַנד שלאַג מען מוז נאָר זעהן צו שרײַבען תנאים, איך וועל שוין מיט איהם לע־נען בלק ער וועט שוין וויסען פון איין לעבען ער וועט געדענקען אַז ער האָט זיך משדך געוועזען מיט ליבלען ער מיינט אַז איך וועל מיר יחוס קויפען, יחוס נאַ קברות איך בין אויך אַזוי איין יחסן ווי ער. ער מיינט ער איז איין קלינגער. סטאַרזשע מאָיע פּאָרטקי, נאָר שאַ. לאָזט זיך אויף דעם פּאַסעק און זאָגט טראַנעלע האָסט אפשר נאָך איין ביסעל, די קלאָסקעס שמעקען מיר זעהר גוט. יאָ ליבערלע זאָגט טרײַנאַ גיסט איהם אָן די צווייטע שיסעל.

ר׳ ליבערלע עסט אויף און לעקט אָב דעם לעפּעל און קראַצט אויס די שיסעל און זאָגט יעצט וועט מען געהן צו דעם רב קום מיט מײַן ווײַב, זיי טוהען זיך אָן די שבת קליידער און נעמען מיט איין הונדערטער און גייען, דער רב זעהט דורך דעם פענסטער ווי ר׳ ליבעל מיט דעם ווײַב גיין לויפט ער אַרײַן צו די רבעצין און זאָגט מיט גרויס שמחה דער מחותן גייט מיט די מחותנת זאָלסט עפּעס מאַכען איין אויף וואַרטונג עס פּאַסט דאָך נישט מען מוז זיי דאָך עפּעס בעהאַנדלען אָרנטליך מען מוז אַמאָל וואַרפען איין ביין פאַר איין הונד אויך ר׳ לייבעל מיט דעם ווײַב קומען אַרײַן, גוט נאָוועט מחותן רבילע גוט נאָוועט מחותנת רביצען זאָגט מיט דעם הויכען געשרײַ ר׳ לייבעל. ענטווערט דער רב גוט יאָהר, גוט יאָהר, מחותן לעב דריקט איהם די האַנד און דער לאַנגט איהם איין שטול. אויך דעם אַנדערען שטול פאַר די מחותנת. בעט איך זעצען איהר ברויכט אײַך נישט צו שעמען יעצט אַז מיר זענען שוין מחותנים זיצט אַנידער ר׳ לייבעל זעצט זיך, די רביצין חאַפּט זיך אַרום מיט די טרײַנאַ די וועשען און קושען זיך, זיצען זי מחותנת. ברענגט געשווינד אַרײַן 2 גלעזער טיי אָפּגעצוקערט מיט ציטרין ר׳ לייבעל האָט נאָך קיין מאָל אַזוי איין גלאָז טעה נישט געטרינקען און נאָך דער צו נאָך אַזעלכע 2 שיסלען קאַרטאָפּעל קלאָסקעס זיי טרינקען אויס, די רביצין פרעגט אפשר ווילט איהר נאָך טרינקען, זיי ענטפערען ניין מיר האָבען שוין גענוג וואָס וועלען מיר פערבעסערען ווען מיר וועלען קראַנק זײַן אָפּגעצוקערטען טעה מיט ציטרין. נון נון.

ר׳ לייבעל זאָגט מיר האָבען קיין צײַט נישט חאַפּט אַרויס דעם הונדערטער און לייגט אַנידער און זאָגט מחותן רבי לעבען דאָ האָט איהר איין גרייט אָהן איין תנאים קויפט איין מלבוש פאַר דעם חתן אויך איין מלבוש פאַר אײַך אויך פאַר די מחותנת און איהר גרייט אָהן אויף די תנאים וואָס איהר ווילט דען מיר ווייסען דאָך נישט וואָס צו קויפען, דער רב בעקוקט דעם הינדערטער און זאָגט ר׳ לייבעל מחותן הערט אויס אַז איך וועל גיין אָפּטוישען 100 רובעל וועט מען זאָגען אין שטעדטיל דאָס איך האָב איין סך געלד וועט מען מיר שוין וועלען אראָפּ נעמען פון די פענסיע. איך וועל אײַך זאָגען נעמט צוריק דעם 100 מען ברויך קיין געלד

נישט

נישט אויס צו געבען מען בריך קיינעם נישט צו בעטען מען וועט אזוי שרייבען תנאים עס זאל קיינער נישט וויסען, רופט אריין די כלה און מען וועט דאָ שרייבען צווישען אונז תנאים מען בריך קיין צערמאָניעס נישט צו מאַכען עס איז איין שאָד געלד קאַלע צו מאַכען.

ר' לייבעל איז קיין פוילער נישט און געט שוין איין חאַפּ צוריק דעם הינדערטער און לויפט אהיים און ברענגט צו שלעפּען די כלה. דער רב שרייבט אָב די תנאים ר' לייבעל זאָגט מען בריך דאָך עפּעס צו קויפען עסען און טרינקען איך האָב דאָך נישט קיין קליין געלד דער רב זאָגט נו איך וועל שוין קויפען עס איז נאָך נישט חלילה אזוי שלעכט איהר וועט מיר שוין אָפּ געבען איך וועל אויס לייגען. די רעבעצין לויפט אין גאַס און בּאָרגט זיך איין געבראָטען גענזעל מיט אַפּאָר פלאַשען ביער מיט לעקעך מיט בראָנפען מען רופט דעם שרכן מיט נאָך איין עדות מען שרייבט אָב תנאים מען צוקלאַפּט איין פּאָר טעלער מזל טוב מזל טוב מען-טרינקט בראָנפען מען עסט לעקעך מען עסט געגזענס מען טרינקט ביער לחיים מחותן לחיים מחותנת לחיים חתן לחיים כלה דער רב גייט אַריין צו די רעבעצין און רופט זי און זאָגט עס פּאַסט דאָך נישט דאָס מען זאָל גאָר נישט געבען קיין חתימה געלד, איך מיין דאָס די זאָלסט נעמען דיין גאָלדען קייטער וואָס דו האָסט נאָך פון די חתונה און געבען די כלה מיר וועלען דאָך האָבען פיעל געלד וועסט דו דיר קויפען געניג צירונג די רעביצין חאַפּט אַרויס דאָס קייטעל און דערלאַנגט די כלה דאָ האָסט דו חתימה געלד מיין קינד.

יעצט ליבע לעזער האָט שוין ר' לייבעל תנאים אויך געשריבען און דערווייל האָט איהם איינע קאָפּעק נישט געקאָסט און האָט נאָך פון רב איין גאָלדענע קייט אויך געקריגען און גייט אַהיים שיין שטיל. מיין טייערער מחותן ר' לייבעל מיט די מחותנת טריינא מיט די טאָכטער. די כלה חי' דבורה קומען אַהיים זעהר פרעהליך און מען וואַרעמט צו די קאַשע וואָס עס איז געשטאַנען פון נעכטען וועלכעס טריינא האָט אַהיים געבּרענגט וואָס עס איז איבער געבליבען פון דעם בעל הבית וואָס זי האָט נעכטען געוואַשען מען זעצט זיך אַלע אַנידער מען עסט געשמאַק. ר' לייבעל מחותן מאַכט זיך אויף דעם פּאַסעק און זאָגט האָסט געהערט מיין ווייב מיר איז איין געפאַלען יעצט ווען אונז האָבען זיך שוין משדך געווען מיט דעם רב זענען מיר דאָך שוין מיוחסים מיר וועלען העכערען דעם לוין שטאָרטס דו האָסט גענומען 60 קאָפּעק איין טאָג פאַר וואַשען וועש וועט מען זיך היסען געבען 5 גילדען איין טאָג און איך וועל מיר היסען געבען שטאָטס 1 קאָפּעק פיר 1 מאָל וואַסער 1½ קאָפּעק און טאָמער וועלען זיי וועלען צו נעמען איין אַנדערען וועט מען מיט זיי געהן צום רב און ער איז דאָך שוין איין מחותן וועט ער דאָך אונז געבען גערעכט וועט דאָך דאָס אויס מאַכען שוין שעהן געלד. זאָגט די שטומע טריינא האַ-האַ-האַ הלעבען דו ביסט גאָר גערעכט די

סהאָט

סהאָט גאָר איין גוטען קאָפּף אַז די ביסט געפאַלען אויף אַזוי איין המצאה, עס וועט שוין גוט זיין:

מען לייגט זיך שלאָפען עס קומט אין דער פריה זייגער זעקס טען שטייט אויף קומט איין משרת פון ר' יואל דאָזאָר אַריין און זאָגט טריינא די בעל ביתטע האָט מיך אַריין געשיקט אַז זי זאָלען קימען וואַשען עס איז שוין אַלעס גרייט, טריינא ענטוועָרט געה אַהיים זאָג די בעל=הביתטע איך קען געהן וואַשען נאָר נישט אויף דעם אַלטען פרייז עס קאָסט היינט, 5 גילרען איין טאָג. וואָס איז עפּעס היינט אַנדערשט געוואָרען טריינא זאָגט די משרת. האַ? דו ווייסט נישט אַז איך בין געוואָרען די רעביצינס איין מחותנתטע וואָס פאַרע איין מחותנסטע זאָגט די משרת זענען זי געוואָרען. ווי הייסט זאָגט טריינא די פאַרכעל ווייסט נישט אַז מיין חי' דבורהלע איז געוואָרען זקן אַלטערס כלה — מיין בייזער חלום זאָל אויס גיין צו אייער קאָפּ זאָגט די משרת וואָס טריינא דער הויקער די שטומע רעדט זיך אַלץ איין צו זענט איהר משוגע געוואָרען צו וועט איהר ווערען משוגע אָבער מטורף איהר רעדט אַזעלכע זאַכען — יאָ יאָ גיי פאַרכעל אַהיים רעד נישט קיין סאַך וואָנט אַרויס כאַפּט זי און וואַרפּט זי אַרויס:

די משרת קומט אַהיים מיט איין גרויס געלעכטער זאָגט בעלהביתטע טראַנא הויקער איז משוגע געוואָרען – ווי הייסט זאָגט ר' יואל דאָזערס ווייב פון וואַנעט ווייסט דו — זאָגט דאָס משרת זי זאָגט זי וועט היינט שוין נישט וואַשען פאַר 4 גילדען איין טאָג עס קאָסט שוין, 5 גילדען ווייל זי איז געוואָרען די רעביצינס איין מחותנתטע זקן אלטעריל איז געוואָרען חי' דבורהלעס חתן ר' יואל דאָזערס ווייב חאַפּט דעם מאַן און ערציילט איהם דאָס ער ענטוועָרט נאַ זעהט דאָך אויס אַז זי איז טאַקע משוגע ר"ל איין משוגענער רעדט וואָס עס פאַלט איהם איין עס ווערט זייגער, 7 דער שול קלאַפּער קלאַפּט אין שול אַריין רופּט איהם אַריין ר' יואל דאָזער זאָגט איהם וואָס איז דאָס נעכטען געוועזען אויף דער נאַכט ביי דעם רב זאָגט דער שול קלאַפּער איהר ווייסט נישט דער רב האָט דאָך תנאים געשריבען מיט זקן אַלטערען — מיט וועמענען פרעגט ר' יואל דאָזער מיט ר' לייבלען ענטפערט דער שול קלאַפּער וועלכער ר' לייבעל זאָגט דער שול קלאַפּער מען טאָר נישט זאָגען דען דער רב האָט אָן געזאָגט אַז מען זאָל נישט שרייען מעהר לייבעל פאַרעך אָדער לייבעל גנב אָדער לייבעל טויטען גרעבער אָדער לייבעל שול קלאַפּער אָדער לייבעל בענקאַרט נאָר ר' לייבקעלע שואב מים:

דער ר' יואל דאָזער בלייבט שטיין און קען זיך גאָר נישט אָן רופען דאָס ווייב פרעגט איהם וואָס ביסט עפּעס אַזוי דערשראָקען געוואָרען פון דעם שול קלאַפּער ער ענטוועָרט איהר גאָר נישט און שטייט שטאַרק צו מישט - ר' לייבעל ווידער וויל נישט מעהר געהן וואַסער טראָגען שיקט נאָך איהם ר' וואָלף ישעיה חברה קדישא גבאי ער זאָל קומען וואַסער ברענגען ער ענטפערט ווער איך קען נישט טראָגען יעצט קיין מאָהל וואַסער פאַר

אַקאָפּיקע

א קאפיקע, ווייל איך בין ש'ין דעם רב'ס אמחותן, און מיר שטעהט נישט אן צו טראגען פאר א קאפיקע איינמאל וואסער, איך וועל נישט אנדערש נעמען ווי א 1½ קאפעק, אויך מיין ווייב טרייגע לעבען, וועט שוין נישט זיין אזא א נגר צוואשען וועש פאר 4 גילדען, נור איטליבער, וואס דארפען געבען וועש צו וואשען וועט זיך מוזען לאזען קאסטען און דערלייגען נאך א גילדען, נישקשה מיט דעם גילדען וועט קיינער נישט פערארימט ווערען.

ר' וואלף ישעיה חברא קדישא גבאי האט זיך אויפגעהויבען אין איז ארויפגעלאפען צום רב מיט אליארם, ווי איז דאס געהערט געווארען אזוי אמעשה, אז א וואסער טרעגער זאל זיך הייסען דערלייגען א גראשען אויף יעדען איינמאל וואסער טראגען? דארט, אין בית־דין שטוב ביים רב האט ר' וואלף ישעיה אויך געטראפען ר' יואל דאזאר, וואס ער האט זיך אויך בעקלאגט פאר'ן רב אויף לייבעל וואסער טרעגער מיט'ן ווייב פארוואס זיי האבען די העזה צו פאדערען, מען זאל זיי דערלייגען ביי דעם וואסער טראגען און וועש וואשען, סארע יחסנים זענען זיי געווארען? דער רב האט צו זיי געזאגט: זייט שטיל מיינע ליבע לייט! עס איז פון לייבעל מיט זיין ווייב גאר קיין עולה נישט וואס זיי הייסען זיך מען זאל זיי דערלייגען זיי זענען דאך עהרליכע לייט און ארבייטען און הארעווען זעהר שווער ביז זיי פערדיגען זיך אויף א שטיקעל ברויט, און איהר ווייסט דאך וואס די הייליגע גמרא זאגט: „גדול הנהנה מיגיע כפיו" עס איז אגרויסע זאך דער וואס פערדינט זיך אויף זיין געברויך פון זיין אייגענערפראצע. און דעריבער דארפט איהר גאר נישט אזוי ליארמען און געוואלדעווען אז זיי ווילען זיך מיט אייגענע שווערע הארעוואניע פערדינען אויף פרנסה און גאט וועט אייך דערפאר העלפען וואו איהר וועט זיך נור קעהרען און ווענדען. ווען ער וואלט נישט געווען קיין עהרליכער מאן וואלט איך זיך מיט איהם נישט משדך געווען, ער איז טאקע אנ'איינפאכער און א פראסטער מענש אבער ער ווייסט נישט פון קיין שום קונצע, אנ'אמת'ער מענש. אויסער דעם בערעכענט זיך נור גוט, וועט איהר זעהן, אז עס איז נאך נישט קיין אזא געוואלד. עס וועט אייך גאר נישט אויסמאכען די ½ קאפיקע פון איינמאל וואסער טראגען אדער פון איין גילדען אויף וועש וואשען, וועט יעדען פון דער שטאדט קאסטען נאך איין קאפעק 1 טאג פיר 2 מאל וואסער דעם גלייכען ווער עס לאזט וואשען 4 מאל דורך דעם יאהר וועט איהם קאסטען נאך א רובעל 1 יאהר איך זאג אייך צו אז דער אייבערשטער וועט אייך אין העם זכות העלפען — איהר ווייסט אז מען קען כמעט זאגען אויף דעם אז ער איז פון די ל"ו צדיקים:

ר' יואל דאזער מיט ר' וואלף ישעי' גבאי ענטפערט גאר נישט זאגען איין גוטען טאג רבי לעבען און גיין אהיים. אויף דעם וועגרעדען זיי צו זיך נו קען מען דען וויסען? מען מיינט אז אזוי איין גנב.

איין

איין וואַסער טרעגער איין טויטען גרעבער איין פּאַרעך איין בענקאַרט, איין שול־קלאַפּער. איז גאָר פון די ל"ו צדיקים. דען דער היגער רב זאָל לעבען האָט דאָך מסתמא איין אָפּענעם רוח הקודש. דער אייבערשטער איז גערעכט אין זיין משפט איז גערעכט. פערפאַלען זיי האָבען בעשטעטיגט דעם פּרייז פון ר' לייבקען און פון טריינא זיי זענען געגאַנגען צו דער אַרבייט, אין גאַנץ גאָלאָטב איז געוואָרען איין געשמוס אַז ר' לייבעל איז פון די ל"ו צדיקים.

דער רב איז זיך מיישב מיט די רעביצין אַז איך האָב שוין געברענגט אויף אַזוי איין שטופּע דעם מחותן פּאַסט דאָך נישט אַז ער קומט דאַוועניק אין שוהל און שטיין ביי די טיהר און איין אנקענע יובעצע און שיקט נאָך דעם מחותן ר' לייבקען און זאָגט איהם הערט מחותן לעב איך וועל אייך זאָגען אַז איהר זענט דאָך שוין מיין מחותן ביז 120 יאָהר גייט און נעמט אייך 10 איילען אַטלעס און מאַכט אייך איין אַטלעסאָווקע דען עס פּאַסט דאָך נישט אַז דעם רב'ס מחותן זאָל נישט גיין אין איין אַטלעסאָווקע. ר' לייבעל ענטפערט מיט איין געלעכטער ווי הייסט לייבעל פּאַרעך וועט גיין אין איין אַטלעסאָווקע איך וועל דאָך אויס זעהן ווי איין פלוי אין די פוטער מילך. מען וועט מיך דאָך פרעגען אויב איך קען מאַכען אַמוציא איבער איין רעטעך וואָס וועל איך ענטפערען. זאָגט דער רב נו, עס איז דאָ גראָבערע יונגען ווי איהר און גיין אויך אין אַטלעסאָווקעס עס שאַט גאָר נישט גייט און פאָלגט מיך. רבי לעבען ענטפערט ר' לייבעל איך שעם מיך צו גיין אין געוועלב אַריין אויך צו איין שניידער צו גיין אַז איהר ווילט מוחל זיין נעמט איהר מיר און לאָזט מיר מאַכען איך וועל אייך שוין דאָס בעצאָלען וויפיעל עס וועט קאָסטען. גאַנץ גוט זאָגט דער רב ער גייט אַוועק די רעביצין געהט אין געוועלב און קויפט 10 איילען אַטלעס און רופט איין שניידער און הייסט איהם די מאָס נעמען ביי ר' לייבקען דער שניידער מאַכט איין אַטלעסאָווקע. די רעביצין גייט צו איין היטעל מאַכער און קויפט איין סאַמעטענען היטעל. און רופט דעם שמש אַריין פריטאָג נאָך מיטאָג און זאָגט איהם ווען ר' לייבקע וועט קומען אין שוהל אַריין זאָלסט איהם אַנידערשטעלען אויף איין מזרח שטאָרט אויבען אָן. און שיקט נאָך ר' לייבקען און טוט איהם אָן די אַטלעסאָווקע די נייע מיט איין גאַרטעל און שטעקט איהם אַריין אין קעשענע איין רויטע פּעטשיילע מיט איין שפּיץ אַרויס און טוט איהם אָן די סאַמעטענע כובע און וואַנדער ר' לייבעל בענקאַרט אין שיהל. מיין טייערער ר' לייבעל גייט אין שיהל אַריין קומט שוין דער שמש צו צו איהם און פירט איהם אַרויף אויף די מזרח־וואַנד גאַנץ אויבען אָהן דער גאַנצער עולם קוקט אָהן ר' לייבלען, די נביאה שיינט אויף איהם אַזוי ווי אויף איין גזלן אָן עין הרע.

יעצט ליעבע לעזער האָט מען שוין די זכיה געהאַט אַז ר' לייבעלע געזעהן שוין אין איין אַטלעסאָווקע אויך מיט איין גאַרטעל מיט איין סאַמעטענעם

היטער

היטעל און שטייט שוין אויבען אָהן אויך עס קומט אין דער פריה מען רופט אויס די העליות מען הייבט אָן צו רופען שלישי דען דער רב האָט געקריגען אַלע שבת ששי רופט זיך דער רב אָן אַז שלישי זאָל מען נישט רופען מען רופט אַלע העליות אויס און מען לייענט מען קומט צו שלישי הייסט דער רב מען זאָל אויף רופען מורינו ר' יהודא שלישי דער חזן רופט מיט איין גאַנץ הויכען טאָהן יעמוד מורינו ר' יהודא שלישי — עס פאַרשטייט זיך ר' לייבעל איז שוין געוואָרען איין מורנו און קריגט שוין שלישי אויך אַז מען לעבט דער לעבט מען אַלעס. געלויבט איז דער וואָס איז איבער אונז:

מיין טייערער ר' לייבעל געהט אַהיים נאָך דעם דאַווענען מיט דעם ברייטען גוט שבת מיין ווייב און דער ציילט אַז ער איז שוין געוואָרען איין מורינו דען דער רב האָט איהם געהייסען געבען איין העלי' און איהם גע- הייסען רופען מורינו. יעצט איז שוין ווידער צייט זאָגט ר' לייבעל צו העכערען די פרייזען פון די וועש מיט דעם וואַסער. נאָר איך וועל נאָך אַביסעל וואַרטען. עס ווערט ראש השנה און אויך יום כפור ר' לייבעל גייט אין שול אַריין עס קומט צו כל נדרי מען דאַרף צו צו שטעלען צום עמוד 2 מענשען חשובי קהלה דאָס הייסט די גרעסטע לייט פון שוהל צו צום רב עס זאָל זיין 3 מענשען צו זאָגען על דעת המקום דען דער רב האָט געדאַוועט כל נדרי פרעגט דער שמש ביי דעם רב וועמענען ער זאָל מכבד זיין און אויס קלויבען צו על דעת המקום מסתמא קלויבט דער רב אויס זיין מחותן ר' לייבעל איז שוין ר' לייבעל ב"ה ווידער געוואָרען איין על דעת המקום מענש אויך, עס קומט ווידער אָן דער יו"ט סוכות עס קומט צו הושענות הייסט דער רב מכבד זיין דעם מחותן ר' לייבעל מיט דעם אתרוג צו גיין מיט דער הקפה.

עס פערשטייט זיך אַז עס איז געוואָרען אין שטאָדט זעהר איין גרויסער שמועס, אין אַלע סוכות האָט מען נאָר גערעדט פון ר' לייבלען נאָך יו"ט עס רוקט צו דער זמן חתונה מיין טייערער ר' לייבעל גייט אַריין צו דעם רב און זאָגט רבי עס רוקט אָהן דער זמן חתונה מען מוז דאָך אָב שמיסען וואָס עס זאָל זיין איך וועל אייך זאָגען מיין מיינונג רבי איך ווייס דאָך גאָר נישט וואָס מען ברויך צו מאַכען סאַרע מלבושים אַזוי גוט פאַר דעם חתן אויך אַזוי גוט פאַר די כלה דעם גלייכען פאַר דעם מחותן אויך פאַר די מחותנת אויך וואָס פאַרע מאכלים מען דאַרף אָן גרייטען אויף די חתונה און אויך משקות מיט כלי זמרים מיט ברחנים, על כן פערלאַנג איך דאָס דער מחותן זאָל מוחל זיין און אַלעס קויפען איך וועל די גאַנצע צוואַנציג טויזענד רובעל דעם מחותן געבען און דער מחותן זאָל אויס געבען וויפיעל ער וויל און די רעשטע זאָל זיין פאַר דעם פאָר פאָלק איך ברויך קיין קאָפּעק נישט דער פון צו נעמען איך וועל מיך שוין מיט מיין ווייב מפרנס זיין.

דעֶם רב איז זעֶהר די זאַך געֶפֿאָלעֶן און רופֿט אַריין די רעֶבּיצין און עֶרצייִלט איהר די גאַנצעֶ זאַך און זאָגעֶן בּיידעֶ מיט איין מאָהל זעֶהר גוט. דעֶן איהר ווייסט דאָך נישט וואָס איין היינטיג פֿאָר פֿאָלק געֶברויכעֶן די וועֶלט פֿאַרלאַנגט אַלעֶס און אַזוי מוז מעֶן נאָך מאַכעֶן נאָר ווען וועֶט איהר מיר דאָס געֶלד אַריין ברעֶנגעֶן זאָגט דעֶר רב מעֶן מוז דאָך אָהן הייבּעֶן צו מאַכעֶן מלבּישים – טראַכט זיך ר׳ לייבּעֶל בּעֶנקאַרט – אַ – האַרבילעֶ גנב וויל שוין געֶלד עֶר ווייסט גאָר נישט מיט וועֶמעֶנעֶן עֶר האָט צו טוהן עֶס וועֶט איהם נאָך גרין און געֶל גיין פֿאַר די אויגעֶן איידעֶר עֶר וועֶט פֿון לייבּעֶל בּעֶנקאַרט זעֶהן געֶלד.

ר׳ לייבּעֶל עֶנטפֿעֶרט בּאַלד רבּי לעֶבּעֶן איך קעֶן אייך נישט געֶטראָהן קיין געֶלד טאָמעֶר וועֶט איהר זאָגעֶן איך האָבּ שוין געֶלד וואָס מיר מיר לייבּעֶל גנב לייבּעֶל בּעֶנקאַרט טויטעֶן גרעֶבּעֶר שול קלאַפּעֶר, פֿאַרעֶך, לייבּעֶל וואַסעֶר טרעֶגעֶר. איך וועֶל אייך זאָגעֶן מעֶן קעֶן דאָך אייך אין שטאָדט און מעֶן ווייס גאַנץ גוט אַז איהר זעֶנט איין עֶרליכעֶר מאַן מעֶן וועֶט אייך אַלעֶס בּאָרגעֶן נאָר אין חופּה טאָג אי״ה וועֶל איך אייך דאָס גאַנצעֶ געֶלד געֶבּעֶן עֶס וועֶט חלילה נישט פֿעֶלעֶן איין קאָפּעֶק איך בּרויך נישט מעֶהר ווי איין קאָפּאָטעֶ און מיין ווייבּ איין קלייד אין דאָס קעֶן איך אייך אויך צוריק געֶבּעֶן נאָך די חתונה, דעֶן עֶס פּאַסט דאָך נישט דאָס איין מחותן אָדעֶר איין מחותנת זאָל אַזוי שעֶנדליך גיין אויף די חתונה:

דעֶר רב גייט אַריין צו די רעֶבּעֶצין און שמיסעֶן זיך די זאַך איבּעֶר. דעֶר רב זאָגט עֶר האָט רעֶכט עֶר איז דאָך איין פּראָסטעֶר עֶר האָט מורא, מעֶן וועֶט דאָך אין שטאָדט אונז אַלעֶס בּאָרגעֶן, אין חופּה טאָג וועֶט מעֶן אלעֶס אָבּ געֶבּעֶן עֶר גייט אַריין צו ר׳ לייבּלעֶן אין זאָגט עֶס בּלייבּט אַזוי למזל איך וועֶל מיר שוין איין עצה געֶבּעֶן בּיז צו דעֶר חתונה איך וועֶל אַלעֶס שוין מאַכעֶן – ר׳ לייבּעֶל גייט אַהיים און דעֶר רב שיקט נאָך ר׳ משה קרעֶמעֶר־דאָס גרעֶסטעֶ געֶשעֶפֿט פֿון שטאָדט און זאָגט ר׳ משה איך וועֶל בּיי אייך נעֶמעֶן סחורה אויף איין וויפּראַוועֶ פֿאַר דעֶם חתן און פֿאַר די כּלה אויך מלבּושים פֿאַר מיר און פֿאַר די רעֶבּיצין און פֿאַר דעֶם מחותן אויך פֿאַר די מחותנת׳טעֶ נאָר אָהן געֶלד בּיז אין חופּה טאָג דעֶן דעֶר מחותן האָט מיר מורא צו געֶטרויעֶן אַז איך וועֶל מיט איהם חתונה מאַכעֶן. ר׳ משה סוחר עֶנטפֿעֶרט דעֶם רב נו רבּי מיט דעֶם שעֶנסטעֶן פֿאַרגעֶניגעֶן איך וועֶל אייך געֶטרויעֶן מיין גאַנץ געֶוועֶלבּ אויך, איך קעֶן אייך נאָך געֶלד אויך צו געֶבּעֶן בּיז צו דעֶר חתונה, דעֶן דעֶר ר׳ לייבּעֶל איז זעֶהר געֶרעֶכט, עֶר האָט דאָך מורא. די רעֶבּיצין גייט אין געֶוועֶלבּ און נעֶמט די טייעֶרסטעֶ סחורה פֿאַר דעֶם חתן אויף פֿיעֶל פֿעֶרשידעֶנעֶ מלבּושים אויך פֿאַר די כּלה פֿיעֶל טייעֶרעֶ זיידעֶנעֶ שטאָפֿעֶן קליידעֶר און אויך פֿאַר דעֶם רב און פֿאַר די רעֶבּיצין און אויך איין זיידעֶנעֶ יובּעֶצעֶ פֿאַר דעֶם מחותן ר׳ לייבּעֶל און איין זיידעֶן קרייד פֿאַר די מחותנת טריינא דעֶר הויקעֶר און בּערעֶכעֶנט בּיז טויזעֶנד

רובּל

רובעל און אַהיים געבּרענגט און געשיקט נאָך 2 שניידערס איין פֿרויען שניידער מיט איין מאַנען שניידער און אַלעס געגעבען צו מאַכען דאָס גלייכען געקויפֿט פֿעדערען פוך אויף בעטגעוואַנד זעהר טייערען פֿאַר דעם חתן און פֿאַר די כלה און געשיקט נאָך איין יוועלען־העגדלער און גענומען זעהר טייערע חפצים מתנות פֿאַר די כלה צירונג אַלעס זעהר גוט און רייך און מען האָט דאָך דעם רב אַלעס געגעבען אָהנע געלד מען האָט גוט געוויסט דאָס דער רב וועט חלילה נישט בעהאַלטען איין קאָפּעק נאָך צו געבּאָרגט עטליכע הונדערט רובעל קאַסע מען האָט געמאַכט אויסשטייערס זעהר שעהן און גוט כאחד מן הנגידים — מיט דעם גרעסטען נגיד צו גלייך.
מען האָט אָב געשמיסט דעם טאָג דאָס די חתונה זאָל זיין מען האָט מכין געוועזען די טייערסטע מאכלים און משקות זעהר גוטע וויינען טייערע כלי זמרים, אויך גוטע בדחנים אַלץ אין זעהר און בעסטען אָרדנונג.

עס קומט דעם פֿרייטאָג פֿאַר די חתונה די שניידערס ברענגען אַריין צו ר׳ לייבלען איין טייערע אַטלעסאָווקע און פֿאַר די מחותנת טריינא דעם הויקער איין שיין זיידען קלייד אונד די גאַנצע וויפּראַווע פֿאַר די כלה, דער רב האָט אָן געזאָגט דאָס די שניידערס זאָלען גאָר נישט נעמען ביי ר׳ לייבלען דען ער וועט אַלעס בעצאָהלען. עס ווערט שבת מען מאַכט איין גרויסאַרטיגען בעשיטונג פֿאַר דעם חתן ר׳ לייבעל קומט אַריין מען זעצט איהם אויבען אָהן נעבען דעם חתן ווי זיינע אבות אבותיו זענען אויך נאָך נישט אַזוי געזעסען און ארום זיצען דער גאַנצער עולם די שענסטע מענשען פֿון שטאָדט מען עסט מען טרינקט זעהר טייערע מאכלים און משקות עס געדויערט אַזוי איין גאַנצען טאָג שבת ר׳ לייבעל האַלט אין איין עסען און אין איין טרינקען דען אַזוי לאַנג ווי ער האָט געלעבט איז ער נאָך ביי קיין טיש אויף איין שמחה נישט געזעסען, דען אַז ער פֿלעגט קומען אויף איין שמחה פֿלעגט ער נאָר האָבען צו טוהן מיט די פּאָמעשעפֿער און מיט די טעלער אַראָפּ נעמען און אויף עסען וואָס איטליכער האָט איבער געלאָזט און יעצט זיצט ער אויבען אָן און מען גיט איהם דאָס שענסטע און דאָס בעסטע און מען שרייט לחיים מחותן ר׳ לייבעל דען איטליכער האָט נאָך איין זכייה דאָס ער זאָל זוכה זיין צו קריגען פֿון איהם די האַנד לחיים.

עס ווערט נאַכט מוצש״ק מען דאַווענט מעריב דער רב מאַכט הבדלה די מוזיק קומט אַריין און שפּילט אָב איין טייערען גוט וואָך דער בדחן זאָגט לכבוד המחותן הרב הצדיק ולכבוד המחותן דעם טייערען דעם גביר ר׳ לייבעל אויף געשפּילט. און מען שפּילט איין טייערען גוט־וואָך מען ענדיגט די כלי זמרים מיט דעם בדחן געהן אַהין צו דעם מחותן ר׳ לייבעלע און דער בדחן גיט דעם גרויסען געשריי גוט וואָך צו די כלי זמרים לאָמער שפּיעלען איין שיין שטיק לכבוד הכלה הצדקת ולכבוד המחותנת הנגידת איין פֿיינעם גוט וואָך און איין מזל טוב, עס שאַלט אין שטעדטיל גאָלאָמב, רינ-
לעפּעל

די פויק קלאַפּט אַז דאָס גאַנצע שטעדטיל איז געוועזען אויף איין אָרט אנשים ונשים וטף — דאָס הייסט מענער און ווייבער און קינדער און די קנאה איז אַזוי גרויס געוועזען דען אַלע האָבען געזאָגט אַזוי איין זכיה זאָל האָבען אַזוי איין בענקאַרט — דען די וועלט זאָגט קאַושדי בענקאַרט שצענשצי מאַ · זונטאַג קומען צו דעם רב א־יין 2 מחותנים פון דעם שטעדטיל גאָלאָמב גבורים און לייגען ביי איהם איין 5 טויזענד רובעל איין נדן וואָס זיי האָבען זיך משדך געוועזען דען דער רב איז דאָך זעהר איין גרויסער צדיק איז ער דאָך געוויס איין גרויסער ערליכער מאַן און בפרט מען ווייס דאָך שוין אין שטערטעל דאָס דער רב איז איין גביר אויך דען ער בעקאָמט דאָך 20000 רובעל דער רב נעמט עס צו און געהט אַרויס 2 שלישית'ן און זיי געהן אַוועק דער רב זאָגט צו די רעביצין זעהסט יעצט פעלט שוין גאָר נישט אויף איין פאָר טאָג קען איך מיר שוין געוויס באָרגען איין פאָר הינדערט רובעל און זאָגט קויף איין וואָס נאָר דו בראָבכסט בריוח גדול לאָז מען מאַכען זעהר איין שיינע חתונה דאָס די גאַנצע שטאָדט זאָלען זיך פרייען כּאַ־דעם אייבערשטען און פאַר די לייטע.

מיין מחותן ר' לייבעל איז זיך מישב און גייט צו דעם מחותן דעם רב און זאָגט איהם רבּי לעבען איך האָב נאָך איין בקשה צו אייך איהר ווייסט דאָך אַז איך בין איין פראָסטער מענטש איך ווייס קיין שום קינצען נישט ווי עס מאַכט זיך איין מאָהל מיט איין מענש חלילה פערלאַנג איך דאָס איהר זאָלט קויפען פאַר עטליכע טויזענד רובעל איין הייזעל און דאָס אָב שרייבען אויף מיין טאָכטער חלילה ווי עס מאַכט זיך לאָז זי חאָטש האָבען פון דעם גאַנצען געלד איין שטיקעל חאַדקע דעם קאָפּ ווי אַנידער צו לייגען · דער רב ענטפערט איהר האָט זעהר רעכט מחותן לעבען און געשיקט נאָך איין מעקלער און עס האָט זיך באַלד געטראָפען איין שיינעם הויז צו קויפען פאַר 4 טויזענד רובעל דאָר רב האָט באַלד גענומען דעם איינגעלייגטען נדן וואָס עס איז ביי איהם געלעגען און בעצאָלט און אָב געשריבען אויף די כלה תחי' דבורה און זאָגט לאָז מען נישט לאָזען ר' לייבקען רירען פון די סומע 20000 רובעל איך וועל דאָס גאַנצע געלד נעמען וועל איך שוין איטליכען אָב געבען די רעשט וועט מען שוין זעהן וואָס צו טוהן, די רעביצין פּאָרעט זיך מען גייט אין גאַס מען קויפט פון אַלעם נוטען מען גרייט צו איין חתונה וועלכעס אַזוי לאַנג ווי גאָלאָמב שטייט איז נאָך אַזוי איין חתונה נישט געוועזען:

עס ווערט ב"ה מיטוואָך דער טאָג פון די חתונה. אַזוי ווי דער דין איז בתולה נשאת ליום הרבעי דאָס הייסט אַבתולה דאַרף חתונה האָבען אין מיטוואָך די כלי זמרים די טייערע מיט דעם גרויס אַרטיגען בדחן קומען אַריין צו רב און מען שפּילט אָב איין דזין דאָברי דאָס הייסט איין גוט מאָרגען און דער נאָך גייט מען אַראָפּ צו ר' לייבלען און מען שפּילט אויך אָב דעם גרויסען גוט מאָרגען אַז דאָס גאַנצע שטעדטיל שטייט אויף

איין

אײן פלאַץ מען פירט די כלה אַרײַן צו אײן גרויסען גביר און זאַל און מען שאלעוועט די גרעסטע גבירעשע מײדלעך קומען אויף דער חתונה מען פערגעסט שוין וואָס ר׳ לײבעל איז נאָר לכבוד דעם רב מיט דער רעביצין מיט דעם טײַערען זוהן דעם חתן ר׳ זקן אַלטעריל מען גײט צו דעם בעדעקען. פאַר די חופה רופט דער רב דעם מחותן ר׳ לײבעל אין דער זײַט און זאָגט מחותן לעב דאָס געלד — ר׳ לײבעל נעמט אַרויס דעם גרויסען לײַווענטען באַטעל און עפענט און זאָגט מחותן לעב איהר זעהט אַז דאָ פעהלט חלילה מיר נישט אײן פרוטה נאָר פאַר די חופה געב איך נישט באַלד נאָך דער חופה געב איך אײַך אַוועק דאָס געלט דאָס איז שוין נישט מײַנעס אויך אײן קאָפּעק מען גײט צו דער חופה עס איז אײן חופה מזל טוב מזל טוב אײן געשרײַ אײן געטאַנץ מען גיט התן כלה אײן פּריה שטיק נאָך דעם תענית. דער רב זאָגט מחותן לעב נו געלט, מחותן לעב, רבי קרוין איהר ווײסט דען נישט אַז דאָס געלד איז אײַערעס, מאָרגען אי״ה אין דער פּריה געב איך אײַך אָב אַז איהר ווילט קענט איהר אײַערען זינעל אַרויף לײגען אויף דעם בײַטעל אַז איהר האָט מורא אַז איך זאָל חלילה אַראָפּ נעמען עפּעס דערפון נאָר די וועלט פיהרט זיך אַז מען געט הערשט נדן צומאָרגענס נאָך דער חתונה.

מען זעצט זיך צום טיש מען עסט מען טרינקט מען בענשט מען טאַנצט אָב די גאַנצע נאַכט עס איז אַזוי אײן גרויסע חתונה וואָס די וועלט האָט געוויסט עס קומט אין דער פּריה מען דאַווענט און מען גײט צו דעם פּרישטיק מען עסט מען טרינקט געענוג דער רב נעמט זיך צו טאַנצען מיט דעם מחותן ר׳ לײבעל אײן צײַט אַוועק — דער נאָך זאָגט דער מחותן ר׳ לײבעל צום רב מחותן לעב קומט נאָט אײַך אײַער צו געזאָגטעס געלד איך האָב אײַך געזאָגט אַז עס וועט חלילה נישט פעלען אײן פרוטה און נעמט אַרויס דעם בײַטעל און אַזוי ווי ער האַלט איהם אין האַנט זאָגט ער מחותן לעב נאָך אײן בקשה האָב איך צו אײַך דען עס מאַכט זיך אַמאָל אײן געַ־טנה׳כטצס צווישען אײן פאָר פאָלק קען נאָך אײַער זוהן זאָגען צו מײַן טאָכטער דו ביסט אײן וואַסער טרעגערס אײן טאָכטער און איך בין אײן יחסן אײן רב׳ס אײן זוהן, פערלאַנג איך דאָס איהר זאָלט מוחל זײַן אײן אויף אײן פאָהר מינוטען אָהן טוהן מײַנע קלײדער וועלכע איך נעה בײַ דעם וואַסער טראָגען און אויך די שאָנקעס מיט די וויאַדרעס אויף אײַערער אַקסעל און די רעביצין מוז אויך אויף אײן פאָר מינוטען זיך יעצט אַנידער שטעלען בײַ אײן באַליע וועש און איך וועל אָהן טוהן אײַערען ספּאָדעק און אונז וועלען אַזוי טאַנצען וועט שוין שפּעטער אײַער זוהן נישט קענען זיך קריגען מיט מײַן טאָכטער און איהר זאָגען דאָס זי איז אײן וואַסער טרעגערס מיט אײן וועשענס אײן טאָכטער.

דער רב זעהט דאָס ער האָט קײן עצה נישט ער מוז נעבעך פאָלגען ר׳ לײבעלען ר׳ לײבעלע געהט אַהײם און ברענגט זײַנע טרעפּעס מיט די

נאַנצע

גאַנצע אָבראַניע זײַנע מיט די שאַנגעס מיט די וויאַדרעס און טראַגעס באַליע פֿון וועש און דער רב טוט אויס זײַנע מלבושים און ר׳ לײַבעל טוט אָהן דעם ספּאָדעק אויף דעם קאָפּ און דער רב טוט אָהן ר׳ לײַבקעס מלבושים מיט די שאַנגעס און די וויאַדרעס אויף דעם אַקסעל אין די רעביצין שטעלט זיך וואַשען אין די 2 מחותנים טאַנצען אין קאָזיק דער רב טאַנצט נעבעך מיט די שווערע שאַנגעס מיט די וויאַדרעס אויף די פּלייצעס דער עולם שטייען און לאַכען עס איז פֿאַרפֿאַלען עס וועט שוין 2 נאָך מיטאָג דער רב האָט שוין נעבעך קיין כח נישט צו טאַנצען און זאָגט מחותן לעב עס איז שוין גענוג ער וויל שוין אויס טוהן די שאַנגעס, ר׳ לײַבעל זאָגט האַלט רבי לעבען דאָס איז נאָך ווייניג איהר מוזט געהן אַזוי מיט די שאַנגעס איבער די גאַנצע גאַס און אויך איין קאָלפּעק כדי אַלע זאָלען זעהן אַז דאָס איז בײַ אײַך קיין בושה נישט וועט אײַער זוהן קיין פּאָרוויךפּע מײַנע טאָכטער נישט קענען מאַכען דער רב בעט זיך בײַ ר׳ לײַבלען אַז ער זאָל איהם דאָס נישט אָן טוהן אָבער עס איז פֿאַרפֿאַלען מען פּועלט נישט בײַ ר׳ לײַבלען. די מוזיק שפּילט איבער דעם גאַנצען מאַרק דער רב געהט נעבעך מיט די שאַנגעס איבערען גאַס און ר׳ לײַבעל און די אַטלעסאָוועסקי מיט דעם קאָלפּעק אויף דעם קאָפּ.

איהר קענט אײַך ליבע לעזער פֿאָהר שטעלען ווי דאָס האָט אין שטעטיל גאַלאָפּ אויס געזעהן די גאַנצע גאַס איז פֿיעל געוועזען עס האָט זיך קיין קינד אין דער שטוב נישט געפֿינען נאָר אַלע זענען געוועזען אין גאַס אָן זעהן דעם רב ווי ער גייט נעבעך מיט די שאַנגעס מיט די וויאַדרעס אויף די פּלייצעס מיט די טרעפּעס אויף דער פּיס מיט דעם רויטען גאַרטעל צו געגאַרטעלט און לײַבעל בענקאַרט גייט אין דעם רב׳ס מלבושים די מאַשקע אָװקע האָט אָב געדויערט ביז 3 שטונדען זײַ זענען שוין צו מזל אַהײַם געקומען מיט דער מוזיק אויף דער רב האָט שוין נעבעך קײַן כח נישט געהאַט – און האָט זיך שוין למזל אויס געטוהן די קליידער און זיך אַביסעל אָב גערוהט און זאָגט מחותן לאָז מען שוין זעהן די פּאָר גילדען, זאָגט ר׳ לײַבעל מיט דעם הויכען געשרײַ וואָס ווילט איהר געלד – פֿריער ווען איהר זענט געוועזען רב און איך וואַסער טרעגער האָב איך אײַך געבראַכט צו געבען 2000 רובעל אַז איהר זאָלט אײַך מיט מיר משדך זײַן אָבער יעצט אַז איך בין רב און איהר וואַסער טרעגער ווילט איהר נאָך פֿון מיר געלד און שטעגט אַרײַן דעם גראָבען פֿינגער און ווײַזט איהם אַ פֿײַג אויך און כאַפּט זיך אויף און לויפֿט אַהײַם און נעמט זיך דעם הויקער די טרייגען און אַנטלויפֿט פֿון גאַלאָפּ און זאָגט מאַכט זיך דער רב איין אין זוירען האָב איך דיר געזאָגט אַז איך וועל דעם רבלי גנב בעצאָלען לאָז ער וויסען אַז ער האָט געטוהן מיט לײַבעל בענקאַרט:

עס ווערט אײַן מהומה אין שטעטיל דער שנײַדער דער שוסטער דער

קצב

קצב דער פישער דער וויין האנדלער די כלי זמרים דער בדחן דער קרעמער קומען צו לויפען און שרייען געוואלד געלד בעצאלט רבי מיר קענען נישט קיין לייבעל בענקארט. די מחותנים קומען נאך דעם נדן צו לויפען עס ווערט געשרייען און געוואלדען ביז הינטער דעם הימעל ר' לייבעל בענקארט, ואיננו – איז נישט דא עס ווערט איין רעש איין שטו"ם מען קומט פון אלע זייטען צו דעם רב נאך געלד דער רב האט נישט דער רב מיט די רעביצין וויינען און שרייען עס העלפט נישט – מען מוז דאס פאר פאלק נעמען צו זיך און געבען עסען מען טיילט זיך דאס ביסען ברוי"ט פון מויל מען קלערט איין עצה דער רב מוז געהן נע ונד און זיך שאפען עפעס געלד צו בע־צאהלען די חובות – מען האט צו פועלען ביי די שניר זי זאל אב שרייבען דאס הויז די 2 מחותנים פאר דעם איינגעלעגטען געלד דער רב מיט דעם אהן מוזען געבען תקיעת כף אז מען וועט זי נישט גט'ן:

די גאנצע שטאדט לאכט און זאגען איין שיינע כפרה איין רב לאשצעט זיך נישט אויף געלד און זאל טוהן מיט לייבעל בענקארט – לייבעל וואסער טרעגער – לייבעל פארעך – לייבעל גנב – לייבעל טויטען גרעבער – און צו נעמען איין שנור איין וועשען – און זעצען לייבלען אויבען אהן און געבען שלישי און על דעת המקום און איין אתרוג צו דער הקפה:

יעצט האט ער בלויז איין וועשען פאר איין שנור און ער האט געמוזט באכען איין וויפראווע און מוז געבען צו עסען און איין ארעמאן בלייבען נע ונד ר"ל:

דען איין רב דארף טוהן מיט זיינעס גלייכען נישט צו פערקויפען דעם יחוס:

דאס פון דעם קען זיך איטליכער ארויס לערנען ווי זיך צו פיהרען מיט קינדער ווען ער ברויך איין שידוך צו טוהן.

און בעטען דעם ליבען בעשעפער דאס ער זאל איהם העלפען צו איין שידוך אויף זיינעס גלייכען הן מיט וויכניג געלד הן מיט פיעל געלד כמאמר הגמרא הנושא אשה לשם בנים וכו' עד ביאת הגואל ב"ב אמן:



לייבעל וואסער־טרעגער
אין בענקארט



דער רב רבי ישראל
פון גאלאמב



די שעהנע

# וואונדערליכע געשיכטע

פון דעם רב מיט דעם וואסער־טרעגער